# דאס
# פארבארגענע
# ליכט

לעזענדיג די מעשיות פון רב נחמן
ברעסלאַווער איז צו מיר געקומען דער
געדאַנק פון דעם דאָזיגען בוך.

דעם געדעכעניש פון מיין פאָטער און מיין מוטער, און פון די אַלע נאָהענטע און ווייטע אויף וועמען מיר זאָגען — געשטאָרבען, כאָטש זיי בלייבען אויף אייביג לעבען אין דעם אמת'ען ליכט פון דער וועלט, אין דער מעשה פון דער וועלט.

א.

ווי מיר נוצען האָלץ כדי א פייער צו דערהאַלטען, אזוי נוצען מיר אונזער לעבען כדי צו דערהאַלטען דאָס ליכט פון דער וועלט. — דאָס ליכט פון דער וועלט, איז די מעשה פון דער וועלט. — דערי־בער הערט די דאָזיגע מעשה, די מעשה פון איינעם, וואָס איז גע־בראַכט געוואָרען צו דעם ליכט פון דער וועלט.

די מעשה הויבט זיך אָן מיט א מלך. —

וואָרים עס איז אמאָל געווען אויף דער וועלט זעהר א חשוב'ער מלך.

דער מלך איז ארויסגעקומען פון מלכות בית דוד.

און דער דאָזיגער מלך האָט זעהר ליעב געהאַט זיין פאָלק און ער האָט מיט זיי דערפאַר געלערענט די וועגען פון ד ע ר וועלט, און ער האָט געגלויבט, אז די וועגען פון ד ע ר וועלט אויף וועלכע דער מענש טרעט, זענען די איינציגע וועגען וואָס דער מענש דאַרף וויסען.

איז אָבער ביי דעם מלך אויפגעוואַקסען א זוהן וואָס האָט זיך דערטראַכט, אז די וועלט אויף וועלכער דער מענש טרעט איז ניט דער עיקר וועלט, נאָר אז ערגיץ אין די הימלען איז פאַראַן אזא וועלט וואָס איז דער עיקר, וואָרים יענע וועלט איז אייביג, איז פול מיט גרויסקייט און מיט וואונדער. און ד י וועלט איז קורץ און אָרעם, איז הויל און נאַקעט.

און דער בן מלך האָט דערפאַר גענומען טראַכטען, אז ער א·
א זעהר גרויסער חכם, און ער האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט נאָ
אזוינע חכמים, און האָט זיך גענומען מישען אין דער פיהרונג פו
דער מלוכה, און האָט גענומען זאָגען דעות, ניט נאָר אין זיין נאָ
מען, נאָר אויך אין דעם נאָמען פון זיין פאָטער, דעם מלך.

און ווען דער פאָטער האָט דאָס דערזעהן, איז ער געגאַנגען און האָט געמאכט א גרויסען מאָהלצייט.

און אז דער מלך האָט געמאכט א מאָהלצייט, איז דאָך אודאי געווען זעהר פרעהלאך, וואָרים עס זענען זיך צונויפגעפאָהרען מענשען פון אַלע עקען וועלט, און עס זענען אָנגעקומען אַלע גרויסע לייט פון לאנד, און אַלע הארען פון דער מלוכה. און אַלע האָבען זיך אודאי זעהר שטארק געפרעהט מיט דעם וואָס זיי האָבען דערלעבט און האָבען זוכה געווען צו זיין אויף דעם מלך׳ס גרויסען מאָהלצייט.

אין מיטען דער שמחה האָט זיך אָבער דער מלך אויפגעהויבען און האָט זיך געווענדט צו זיין זוהן און האָט צו איהם אזוי געזאָגט:

— „מיין זוהן! זעה, איך גיב דיר איבער דאָס קעניגרייך!... נאָר וויים — איך בין א שטערנזעהער. קוק מיך אָן און הער, וואָס עס וועט מיט דיר טרעפען צום סוף פון די טעג.“

און כאָטש דער מלך האָט געזאָגט: „קוק מיך אָן און הער“, פון דעסטוועגען האָט ער מעהר קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. נאָר דעם מלך׳ס אויגען האָבען געקוקט אויף דעם זוהן אזוי, אז אַלע האָבען פארשטאַנען וואָס דער מלך האָט געזאָגט, כאָטש זיי וואָלטען דאָס ניט געקאָנט איבערלייגען אין ווערטער. דער בן מלך איז אָבער געווען זעהר יונג, האָט ער דאָס ניט דערזעהן און ניט פארשטאַנען...

און דער בן מלך האָט נאָכדעם אָפּגענומען די מלוכה זעהר

שארף, און ער האָט זיך געמאַכט נייע הארען און ריטער, און ער האָט נאָך מעהר אָנגעהויבען פארשטעהן, אז ער איז א גרויסער חכם, און ער האָט נאָך מעהר ליעב געקראָגען זיין חכמה, און האָט צו זיך צוגעצויגען די גרעסטע חכמים פון דער וועלט. און אזוי, ביז ער האָט זיך מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען צו דער דאָזיגער חכמה.

פון מאָל צו מאָל האָט אָבער דער בן מלך געגומען פיהלען, אז ער ווערט דורך זיין חכמה ניט דערהויבען, נאָר ער גליטשט זיך נאָך ארונטער... פלעגט איהם פון דעם נעהמען נאָגען דאָס הארץ...

דעם עולם איבער וועלכען דער בן מלך האָט געקיניגט, און איבער וועלכען ער האָט געהאלטען אין פערשפרייטען זיינע גרויסע חכמות, האָט דאָס ניט געשאדט, וואָרים עס איז געלעגען א גרויסע טיעפקייט אין די חכמות פון דעם נייעם מלך און פון זיינע חכמים, האָט זיי דעריבער דער עולם ניט גוט פארשטאַנען און האָט גע־מיינט, אז אלץ איז ווי עס דארף צו זיין, און האָט זיך געלעבט גוט און פרום.

דער נייער מלך אליין, האָט אָבער וואָס ווייטער אלץ מעהר געגומען פיהלען אז עפּעס איז דאָ ניט גלאט מיט די גרויסע חכמות זיינע, אָבער ווי נאָר ער פלעגט מיט'ן שכל נעמען פאָרשען וואָס דאָס איז אזוינס, פלעגט ער ווידער אריינפאלען אין דער דאָזיגער חכמה, און פאר א צייט פלעגט זיך איהם ווידער נעמען דאכטען, אז ער איז גרויס און דערהויבען, ביז עס פלעגט אויף איהם ווידער קומען אָט דאָס שרעקליכע נאָגען פון הארצען, און ער פלעגט זיך ווידער דערפיהלען דערנידעריגט און געפאלען.

און דאָס נאָגענדיגע הארץ פלעגט נעמען פרעגען ווי א לעבע־דיגער מענש:

— „שטייטש!? פאר וואָס?! פאר ווען?! וואָס האָסטו צו מיר?...“

און דער יונגער מלך פלעגט דעמאָלט נעמען קוקען ארום זיך... זוכען און ניט וויסען וואָס...

צום סוף האָט זיך דער בן מלך גענומען ווענדען צו זיין פאָטער — דעם אלטען מלך.

דער מלך אָבער האָט איהם אויסגעהערט און גאָר ניט גע־ענטפערט.

נאָר ווען דער מלך האָט דערזעהן, אז דער זוהן הערט ניט אויף צו קומען, האָט ער זיך צו איהם געווענדט און אזוי געזאָגט:

— יונגלינג! דאָס וואָס דו זוכסט אין אזוינע מינוטען איז ניט פאַרשריבען אין דיינע קלוגע ביכער. א בוים וואָס רעדט נאָר ווען עס בלאָזט אויף איהם דער ווינד, קאָן דיר אמאָל ווענען דעם דערצעהלען פיעל מעהר ווי דיינע ביכער און דיינע אַלע קלוגע לייט; א גאַנצער וואלד — נאָך מעהרער.

דער בן מלך האָט זיך דערפיהלט פאַרשעהמט פון דעם פאָ־טער׳ס רייד און פון דעם פאָטער׳ס שטאָלץ, פונדעסטוועגען האָט ער געפאָלגט. און נאָכדעם, ווען עס פלעגען אויף איהם אָנקומען די מינוטען פאַר וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין באשייד, פלעגט ער זיך שוין מעהר ניט ווענדען צו זיין פאָטער, דעם מלך, נאָר ער פלעגט הייסען זאָטלען זיין פערד און פלעגט זיך לאָזען צו א וואלד. און פלעגט זיך ווענדען צו יעדען רוישענדיגען בוים:

— בוים! בוים! קאָנסטו מיר זאָגען פאַר וואָס מיין שכל האָט ניט קיין טרייסט פאַר מיין הארץ? זעה, מיין קאָפּ איז פול מיט חכמה און מיין הארץ איז וויסט. זעה, איך בין דער קעניג, דער חכם און דער לעהרער פון א גרויסען פאָלק, נאָר ניט פון מיין אייגען הארץ...

דער בוים פלעגט ענטפערען מיט זיין רוישען, נאָר דער יונגער מלך פלעגט הערען און ניט וויסען וואָס...

ב.

און איינמאָל האָט געטראָפּען, אז דער בן מלך איז זיך אומ־געפאָהרען אין וואלד און זיך איינגעהערט אין דעם רוישען פון די בוימער, ווי ער וואָלט פון זיי וועלען ארויסבאקומען א טרייסט און א פארשטענדיגונג אויף דעם, פאר וואָס דער שכל פון די קלוגע פארפיהרט. און כאָטש די בוימער האָבען גערעדט און געזאָגט זעהר פיעל, האָט ער דאָס פאָרט ניט געקאָנט איבערלייגען אין גע־דאנקען און אין ווערטער, אזוי, אז ער זאָל ביי זיך זיין ז י כ ע ר אין דעם וואָס זיי זאָגען. — דעמאָלט האָט זיך זיין פערד פּלוצ־לונג א ציה געטון אָן א זייט, איז אָפּגעלאָפען א שטיק וועג, און איז ערגעץ מיט אמאָל שטעהן געבליבען...

און ווען דער יונגער מלך האָט זיך נאָכדעם אומגעקוקט האָט ער פאר זיך דערזעהן א פארביי־געהענדיגען בעטלער.

— בעטלער, בעטלער, ווער ביסטו? — האָט דער יונגער מלך אויסגעשריען.

דער בעטלער איז געבליבען שטעהן, האָט אויפגעהויבען די גרויסע ברעמען פון איבער זיינע אויגען. האָט גוט באטראכט דעם רייטער און דאָס פערד, און האָט געענטפערט שטרענג:

— דו זעהסט ניט?! — איך בין א בעטלער!

דער יונגער מלך האָט זיך פארוואונדערט פון דעם וואָס דער בעטלער רעדט צו איהם אזוי שטרענג, איז ער אראָפּ פון זיין פערד, איז צו צום בעטלער און געפרעגט:

— בעטלער! זעהסטו מיט וועמען דו רעדסט?!
— אוראי זעה איך, — האָט דער בעטלער געענטפערט.
— ווער בין איך? — האָט דער יונגער מלך זיך נאָכגעפרעגט פאַרשענדיג.
איז דער בעטלער געוואָרען בייז און האָט געענטפערט:
— דו ביזט א פארשארצטער יונגלינג, וואָס גארטעלט זיך אונטער ניט נאָך זיין מאָס, און געהט ניט נאָך זיין פוס!...
דאָ האָט דער יונגער מלך פון דאָס ניי באַטראַכט דעם מאָדנעם בעטלער, זיין שטעקען, זיין טאָרבע און די גרויבע, גרויע ברעמען, וואס זענען געדיכט געהאַנגען אריבער זיינע אויגען, און האָט מיט א שמייכלענדיגען כעס אויסגעשריען:
— דער וואלד דאָ איז געדיכט און ווילד, אָבער נאָך געדיכטער און ווילדער הענגען דיר, ווייזט אויס, די ברעמען איבער דיינע אויגען, צי אפשר ביזטו גאָר אינגאנצען בלינד!? — זעהסטו דען ניט אז פאר דיר שטעהט איצט דער מלך?!
— דער מלך!!? — האָט דער בעטלער אויסגעשריען — כא־כא־כא! א וועלט איז דאָס דאָרט ביי אייך איצט געוואָרען!... יעדער איינער וואָס קנייטשט דעם שטערען מיינט, ער איז א חכם, און ווער עס פוצט זיך אויס אין קעניגליכע קליידער, מיינט — ער איז א קעניג...
— העי, דו, בעטלער! זאָג מיר, ווער ביזטו און וואָס טהוסטו אין דעם וואלד?! — האָט דער יונגער מלך אויסגעשריען א פאַרווירטער.
— צו שווער, אָ יונגער יונגלינג, וועט זיין פאר דיר צו וויסען ווער איך בין. נאָר ווייל איך זעה — דו בלאָנדזשעסט, כאָטש דו מיינסט, דו ביזט א חכם, און ווייל דו האָסט מיך געטראָפען איצט אין וואלד, און ווייל איך זעה — דיינע אויגען זענען הונגעריג און דיין הארץ איז שווער, טאָ וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה

אפשר וועסטו פון דער מעשה עפּעס וויסען און לערנען... עפען דיינע אויערען און דיין הארץ און הער:

ערגעץ איז פאראַן א לאַנד, דאָס לאַנד איז אזוי גרויס, אז עס נעמט אין זיך אריין אַלע לענדער פון דער וועלט, און די גרונ־ט.ן פון דעם לאַנד זענען דער עיקר און דער תוך פון אַלע לענדער. אין דעם לאַנד איז פאראַן א שטאָט, איז די שטאָט אויפגעשטעלט אזוי, אז זי נעמט אין זיך אריין אַלע שטעט פון דעם לאַנד. אין דער שטאָט איז פאראַן א הויז, איז דאָס הויז אזוי געבויט, אז עס נעמט אין זיך אריין אַלע הייזער פון דער שטאָט. אין דעם הויז איז פאראַן א מענש, איז דער מענש אזא גרויסער און וואונדער־בארער, אז ער נעמט אין זיך אריין אַלע מענשען פון דער שטאָט. איבער דעם דאָזיגען גרויסען און וואונדערבארען לאַנד, הערשט א מלך, האָט ער אין זיך די גבורה פון אַלע גבורים אין דער וועלט און דאָס קעניגליכע פון אַלע קעניגען פון דער וועלט. וואָרים ער איז דאָך דער מלך פון דעם לאַנד פון אַלע לענדער — — — דערפאַר זיצט ער אָבער שטענדיג אונטער פאָרהאנגען און וויל גאָר פאַר קיינעם זיין פּנים ניט ווייזען.

איינמאָל אָבער האָט געטראָפען, אז ערגעץ איז געווען א קיסר. דער קיסר האָט ביי זיך געהאט די פּאָרטרעטען פון אַלע הערשער אין דער וועלט, נאָר דעם פּאָרטרעט פון דעם מלך וואָס הערשט איבער דעם לאַנד וואָס איז דער עיקר און דער תוך פון אַלע לענ־דער האָט ער ביי זיך ניט געהאט. האָט דאָס דעם קיסר אודאי פארדראָסען און עס האָט איהם זעהר באנג געטון.

האָט זיך דער קיסר איינמאָל געווענדט צו דעם קלוגסטען פון זיינע ראטגעבער, און האָט צו איהם געזאָגט:

— זעה, איך האָב ביי מיר די פּאָרטרעטען פון אַלע הערשער אין דער וועלט, נאָר דאָס בילד פון דעם מלך האָב איך ניט. וואָרים דו ווייסט דאָך — ער ווייזט גאָר קיינמאָל ניט זיין פּנים. דו

אָבער ביזט דאָך אַ גרויסער חכם, לאָז זיך אַוועק אין יענעם לאַנד, אפשר וועט זיך דיר דורך דיין חכמה איינגעבען צו זעהן זיין פּנים, וועסטו פאַר מיר איהם אָפּמאָלען, אָדער דו וועסט מיר כאָטש דער־צעהלען ווי ער זעהט אויס!

האָט דער חכם זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אריין, און האָט ביי זיך געטראַכט: — איך וועל שוין געוויס יאָ ברייננגען דאָס בילד פון דעם מלך פאַר דעם קיסר, וואָרים איך בין דאָך אַ חכם!

און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: — אַזוי ווי דאָס לאַנד וואו עס הערשט דער מלך איז דאָך דער עיקר און דער תוך פון אַלע לענדער, און אַזוי ווי קאַטאָוועס גילט דאָך אין אַלע לענדער, וועט דאָך דאָס געוויס אויך דאָרט גילטען.

איז ער געקומען אַהין אין יענעם לאַנד און האָט זיך אויף קאַ־טאָוועס פאַרשטעלט פאַר אַ סוחר און האָט אויף קאַטאָוועס גע־נומען האַנדלען, און האָט זיך איינמיסטען געלאָזט אָפּנאַרען, כדי ער זאָל זיך נאָכדעם קאָנען לאָדען מיט די וואָס האָבען איהם אָפּ־גענאַרט, כדי ער זאָל זיך קאָנען לאָדען אַזוי לאַנג ביז ער וועט ברייננגען זיין לאָדעניש צו די פּאַרהאַנגען פון מלך.

די מענשען פון דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענ־דער, האָבען דאָך אָבער ביי זיך דעם קאַטאָוועס פון גאָר דער וועלט. האָבען זיי דאָך גלייך דערקאָנט ווער דער חכם איז און וואָס ער וויל. האָבען זיי גאָר מיט איהם געגומען טרייבען קאַטאָוועס, און האָבען איהם פון קאַטאָוועס וועגען געלאָזט טון וואָס ער וויל. און זיי האָבען איהם געלאָזט זיך אָפּנאַרען, און זיי האָבען איהם געלאָזט זיך לאָדען, און זיי האָבען איהם געלאָזט געבען כאַבאַר. און זיי האָבען איהם געלאָזט ברייננגען זיין לאָדעניש ביז די פּאַרהאַנ־גען פון דעם מלך.

און אַז דער חכם איז געקומען צו די פּאַרהאַנגען פון דעם מלך, האָט ער דאָך געמיינט, אַז דאָס איז געשעהן דערפאַר, וואָס ער

איז אַ גרויסער חכם, האָט ער אויפגעהויבען זיין קול אין דער הויך און האָט גענומען שרייען צו דעם מלך:

„איבער וועמען קעניגסטו, גרויסער קעניג! ?

„דאָס איז דאָך אַ לאַנד אינגאַנצען פול מיט ליגען.

„פון אָנהויב ביז'ן אויסלאָז איז אין דעם ניטאָ קיין אמת.

„דיינע סוחרים, דיינע גערישט־הייזער, דיינע גאַסען זענען פול מיט שווינדעל, רויב און בעטרוג!"

און דער חכם האָט זיך מיט זעהר קלוגע רייד גענומען אויס־דערצעהלען פון גאָר דער פאַלשקייט אין דעם לאַנד.

ווי נאָר דער מלך האָט דאָס דערהערט, האָט ער צוגענויגט זיין אויער צום פאָרהאַנג, כדי ער זאָל בעסער פאַרנעמען די דאָזיגע רייד. וואָרים עס איז ביי דעם מלך געווען אַ גרויס וואונדער, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ מענש וואָס ווייסט פון אַזוי פיעל פאַלשקייט אין זיין לאַנד.

און ווען דער חכם האָט דערזעהן, אַז מיט זיינע חכמה'דיגע רייד האָט ער געמאַכט דעם מלך צונייגען דעם אויער צום פאָר־האַנג איז ער געוואָרען נאָך דרייסטער און האָט אויסגערופען:

— מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אויך דו, גרויסער מלך, ביזט אַזוי ווי זיי, אַז אויך דו האָסט ליעב ליגען ווי דאָס גאַנצע לאַנד דיינס, אָבער ניין! — פון דעם וואָס דו האַלטסט זיך ווייט פון זיי, פון דעם וואָס דו פאַרהוילסט דיין פנים פון זיי, קאָן מען זעהן אַז דו קאָנסט זיי ניט פאַרטראָגען, וואָרים דו האַלטסט קיינעם פון זיי ניט פאַר ווירדיג צו זעהן דיין אָנגעזיכט.

האָט זיך אָבער דער גרויסער און ליכטיגער מלך פּלוצלונג אויפגעהויבען און האָט אַ זואָרף געטון דעם בלויען פאָרהאַנג פון פאַר זיך און האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין ליכטיגקייט — — — — —

און דאָס האָט דער חכם געוואָלט, אָבער די ליכטיג־קייט פון דעם אמת'ן מלך איז אַזאַ, אַז אַלע זענען גלייך אַנידער־

געפאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד, נאָר ניט דער חכם. — וואָרים ער האָט דאָך דעם גאַנצען שפּיעל געמאַכט כדי צו זעהן דעם מלך.

דאָס מויל אָבער וואָס האָט נאָך געוואָלט ריידען איז גלייך אָהן לשון געבליבען, און די הענט וואָס האָבען געוואָלט מאָלען, זענען אָפּגענומען געוואָרען.

און ווען דער חכם איז געקומען צוריק צו זיין קיסר, וואָס האָט איהם געשיקט נאָכ'ן בילד פון דעם מלך, האָט ער שוין נאָר געקאָנט הערען ווי דער קיסר פרעגט ביי איהם אַלץ און פרעגט:

„ווי זעהט אויס דער מלך?!

„ווי זעהט אויס דער מלך!?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי די לעצטע ווערטער איז דער בעטלער וואָס האָט דער־צעהלט די דאָזיגע מעשה ניט געוואָרען. און ווען דער יונגער מלך האָט זיך אומגעקוקט האָט ער דערזעהן אויפ'ן אָרט פון דעם בעט־לער א גרויסען אַלטען בוים...

— „וואָס איז דאָ געשעהן?...

— „וואָס האָט דאָ פון מיר געוואָלט אָט דער אַלטער בעט־לער?"...

און דער יונגער מלך האָט גענומען קוקען אויף זיינע קליידער און אויף זיך, און האָט געפרעגט:

— זעה איך אויס ווי א מלך? ווי אַן אמת'ער מלך?...

און ווען ער האָט זיך נאָכדעם געזעצט אויף זיין פערד און גענומען פאָהרען אהיים האָט זיך איהם געדאַכט — ער הערט ווי עמיצער א בייזער לאַכט פון איהם און פון זיין חכמה, ווי עמיצענס בייזע, לאַכעדיגע קולות טראָגען זיך נאָך איהם איבער'ן וואַלד און פרעגען אָהן אויפהער:

„ווי זעהט אויס דער מלך?...

„ווי זעהט אויס דער מלך!?...

ג.

לאנג האָט דער יונגער מלך זיך ניט געקאָנט בארוהיגען, — וואָס איז דאָס פאַר אַ בעטלער וואָס ער האָט אָנגעטראָפען אין דעם גרויסען וואלד ?... וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה, וואָס ער האָט איהם דערצעהלט ? ווער איז דאָס אָט דער ליכטיגער מלך פון וועלכען ער האָט גערעדט, און וואָס איז דאָס פאַר אַ חכם וואָס ער האָט אזוי בייז אויסגעלאכט... וואָס האָט ער מיר מיט דעם געוואָלט זאָגען ?...

און דער יונגער מלך האָט זיך נאָכדעם גענומען ארומטראָגען אויף זיין פערד איבער'ן גרויסען וואלד טאָג איין טאָג אויס, און מיט אומרוה געקוקט אין אַלע זייטען, ביז איינמאָל איז איהם דער בעטלער אנטקעגען געקומען...

— יונגלינג ! — האָט דער בעטלער צו איהם אויסגעשריען — וואָס טרייסעלסטו אזוי שטארק די שטילקייט פון דעם וואלד ? ! האָסטו דען ניט קיין וואך ארום דיין הויז ? צי עס פעהלט דען זייד אויף דיין צוקאָפּענס קושען ?

— ניין, בעטלער — האָט געענטפערט דער יונגער מלך — עס שטעהט אַ גרויסע וואך ארום מיין הויז, און מיינע קישענס זייי־נען באצויגען מיט דעם בעסטען זייד. נאָר ווער איז דאָס אָט דער מלך פון וועלכען דו האָסט מיר דערצעהלט ?... און פארוואָס האָסטו מיר געזאָגט, אז איך גארטעל זיך אונטער ניט נאָך מיין מאָס און

אז איך געה ניט נאָך מיין פּוס?... ווייסטו דען ניט אז איך בין דער געקרוינטער בן מלך, דער זוהן פון דעם גרויסען מלך פון דעם לאַנד, דער זוהן וואָס האָט געקראָגען דאָס קעניגרייך פון דעם פאָ־טערם הענט?

— יאָ, איך וויים, ווער דו ביזט. און איך קאָן אויך דעם אַל־טען מלך פון דעם לאַנד, און ער קאָן מיך אויך... אָבער צי דו ביזט זיין זוהן, דאָס וויים איך ניט. וואָרים ווי קאָן דען א בן מלך זיך אָנטון אין דער קרוין פון מלך פאַר דעם מלך אין די אויג־גען?... וועלכער זוהן זעצט זיך דאָס אויף זיין פאָטערם אָרט, ווען דער פאָטער לעבט?... הער אוים, דו יונגלינג, און וויים — דיין קאָפּ איז פול ניט מיט שכל — נאָר מיט גייציגע ווערעם. נאָר וויייל איך זעה — דיינע אויגען זענען הונגעריג און דיין הארץ איז שווער, און ווייל איך זעה דו בלאָנדזשעסט ווי איינער וואָס זוכט א וועג — וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה. אפשר וועסטו פון איהר עפּעס וויסען און לערנען צו פאַרשטעהן... עפען דיינע אוי־ערען און דיין הארץ און הער:

אין דעם לאַנד וואָס איז דער עיקר און דער תוך פון אלע לענ־דער אין דער וועלט האָט געטראָפען אז די מלכה און די דינסט זענען געגאַנגען צו קינד אין איין צייט. די מלכה האָט געבוירען א זוהן צום מלך, און די דינסט האָט געבוירען א זוהן צו איהר מאַן, מיט וועלכען זי האָט געוואוינט אין דעם מלך׳ס פּאַלאַץ. איז גע־גאַנגען די באָבע און האָט אָפּגעטון אזא זאַך: זי האָט גענומען דאָס קינד פון דעם מלך און האָט אַנידערגעלייגט נעבען דער דינסט און דאָס קינד פון דער דינסט האָט זי אַוועקגעלייגט נעבען דער מלכה.

און אזוי האָבען זיך די קינדער גענומען וואַקסען. — דער אמת׳ער בן מלך איז זיך געוואַקסען אלס קינד פון דער דינסט, און דאָס קינד פון דער דינסט איז געוואַקסען אלס דער בן מלך. ביידע

קינדער האָבען געלערענט אינאיינעם און האָבען זיך גע'חבר'ט א צייט. אָבער די באָבע, וואָס האָט זיי פאַרביטען האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט איינהאַלטען, איז זי געגאַנגען און האָט אויסגעזאָגט דעם סוד פאַר אַ מענשען. דער מענש האָט אַזאַ גרויסען סוד ניט געקאָנט האַלטען ביי זיך אַליין, האָט ער איהם שטילערהייט דער־צעהלט זיינעם אַ חבר. און דעם מענשענס חבר האָט אויך גע־האַט אַ חבר, האָט אַזוי איין חבר דערצעהלט דעם צווייטען, ביז מען האָט שטילערהייט גענומען שמועסען, אַז דער בן מלך איז ניט דער אמת'ער נאָר אַ פאַלשער, אַ פאַרביטענער.

און איינער פון די, וואָס האָט זיך געוואָלט איינקויפען ביים בן מלך, האָט זיך צו איהם געווענדט אין דער שטיל, אַזוי צו זאָ־גען: „באשר, מען זאָגט אויף דיר, אַז דו ביזט אַ פאַרביטענער... עס דאַרף דיר ניט אָנשטעהן אַזאַ זאַך. און דערצו דאַרפסטו וויסען, אַז טאָמער מאַכט זיך חלילה אמאָל אַ בונט קעגען דיין קעניגרייך, קאָן ער ווערען געפעהרליך דורך דעם, וואָס זיי וועלען זאָגען אַז ניט דו ביזט דער אמת'ער בן מלך, נאָר אַן אַנדערער"...

איז דער פאַלשער בן מלך פון דעם געוואָרען זעהר אומרוהיג, און ער האָט זיך גענומען טון אַזעלכע זאַכען צו דער דינסט און דעם דינער, אַז זיי האָבען געמוזט אַנטלויפען פון דעם פאַלאַץ.

און, אַז זיי זענען אַוועק האָבען זיי דאָך מיט זיך אויך מיט־גענומען דעם אמת'ען בן מלך.

און כדי זיך נאָך מעהר באַוואָרענען, איז דער פאַלשער בן מלך געגאַנגען און האָט באַצייטענס איבערגענומען דאָס קעניגרייך.

און דאָס איז איהם ניט זעהר שווער אָנגעקומען. —

וואָרים דער מלך איז דאָך איבער זיין גרויסער ליכטיגקייט שטענדיג געזעסען אונטער די פאָרהאַנגען.

און ווען דער פאַלשער בן מלך איז אַרויס און האָט געזאָגט:

— זעהט, מיין פאָטער, דער ליכטיגער מלך האָט מיך גע־

שיקט צו אייך און האָט מיר געזאָגט: „געה נעם איבער דאָס קעני־
ניגרייך, וואָרים איך אַליין קאָן די פאַרהאַנגען ניט פאַרלאָזען. און
די מענשען דאַרפען איצט האָבען אַ האַר און אַ הערשער, וואָס זיי
זאָלען קענען אָנקוקען און זעהן, ווען ניט וועלען זיי גאָר אינגאַנצען
אָפּגעקניפּט ווערען פון די פאָרהאַנגען און פון דער הערשאַפט פון
דיין פאָטער, דעם מלך", — האָבען אַ סך מענשען געגלויבט זיינע
רייד, און זיי האָבען ניט געדיינקט אָן דעם, אז ווי באַלד עמיצער
שטעלט זיך צווישען זיי און די פאָרהאַנגען פון דעם ליכטיגען מלך,
וועלען דאָך דורך דעם די פאַרהאַנגען מיט דעם מלך ממילא ווערען
ווייטער און פרעמדער...

און אזוי האָט זיך דערוויייל דער פאַלשער בן מלך ביסלעכווייז
איבערגענומען די מלוכה.

די גאַנצע צייט האָט ער אפילו אַלץ גערעדט אין נאָמען פון
זיין פאָטער, — דעם ליכטיגען מלך, וואָס זיצט אונטער די געדיכ־
טע פאָרהאַנגען, אָבער געפיהרט האָט ער די מלוכה אזוי, אז מען
האָט נאָר איהם געדענקט און אין דעם פאָטער האָט מען כמעט
אינגאַנצען פאַרגעסען...

און אז דער מלך האָט דאָס דערזעהן, האָט ער גענומען און
האָט אינגאַנצען פאַרלאָזען דאָס לאַנד...

דעמאָלט ערשט האָט זיך דער פאַלשער בן מלך צופיהרט די
הענט. און ער האָט גוט געדיינקט אָן דעם דינער מיט דעם
דינסט, וואָס זענען געוועזען זיינע אמת'ע טאַטע מאַמע, און אָן
דעם אמת'ען בן מלך, וואָס זיי האָבען ביי זיך אויפגעצויגען, און
ער האָט גענומען מאַכען אזוי, אז זיי זיינען געוואָרען ניט זיכער
מיט'ן לעבען.

האָט דאָס דעם דינער — זיין פאָטער — זעהר פאַרדראָסען,
איז ער געגאַנגען און האָט צו זיך צוגערופען דעם אמת'ען בן מלך,
און האָט צו איהם אזוי געזאָגט:

— זאָלסט וויסען זיין, אז מיר איז אויף דיר א גרויס רחמנות, ווייל עס איז פאַראַן א סברה, אז ניט דער וואָס קעניגט איצט איז דער אמת'ער בן מלך, נאָר אז דו ביזט דאָס... און דערפאַר טוט ער אזוי פיעל שלעכטס אין אונז, ווייל ער זוכט דיך אומצוברייינגען. נא דיר געלט און אנטלויף פון דאַנען. — ביזטו מיין זוהן, וועט מיר נאָך אפשר גאָט העלפען און איך וועל דיך נאָך זעהן איידער איך וועל שטאַרבען, ביזטו דער אמת'ער בן מלך, וועט דיר נאָך אפשר גאָט העלפען און דו וועסט איבערנעמען דאָס קעניגרייך.

און אַז דער זוהן האָט דערזעהן, אז ער קאָן דאָ טאַקע לייננער ניט פאַרבלייבען, האָט ער זיך געזעגענט און איז אוועק.

נאָכדעם געהן זיך אוועק א סך יאָהרען.

דער פאַלשער בן מלך הערשט און קעניגט, און דער אמת'ער בן מלך וואָגעלט אום אָהן אויפהער איינער אליין איבער גאָר דער וועלט...

פון מאָל צו מאָל בלייבט דער אמת'ער בן מלך שטעהן קעגען גרויסען הימעל און פרעגט:

„בין איך דער בן מלך, צי בין איך דאָס ניט?...

„בין איך ניט דער בן מלך, קומט דאָך מיר אודאי ניט צו זיין פאַרוואָגעלט. בין איך יאָ דער בן מלך, קומט דאָך מיר אודאי און אודאי ניט צו זיין פאַרוואָגעלט".

און איינמאָל, ווען דער אמת'ער בן מלך שטעהט אזוי און קוקט צום הימעל, קומט פון ערגעץ א פאַסטוך מיט א טשערעדע שאָף און זאָגט צו איהם:

— העלף מיר פאַרטרייבען מיינע שאָף!

פרעגט ביי איהם דער בן מלך:

— פאַר וואָס דאַרפסטו איך זאָל דיר העלפען? אָט האָסטו דאָך ביז איצט געטריבען אליין?

ענטפערט איהם דער פאַסטוך:

— זעהסט דאָך דאָרט ארויף דעם גרויסען וואלד? דורך אזא וואלד ווי דער דאָזיגער איז גוט צו האָבען אַן ארויסהעלפער.

האָט ביי זיך דער בן מלך אפּגעמאכט, אז מען דאַרף איהם טאַקי ארויסהעלפען, ווייל דער וואלד זעהט טאַקע אויס צו זיין א גרויסער און פארפלאָנטעטער. כאָטש ער האָט זיך געוואונדערט אויף דעם וואָס דער וואלד איז דאָ פריהער ניט געווען, כאָטש ער האָט פארשטאַנען, אז דער וואלד איז דאָ ערשט אויסגעוואקסען ווען דער פּאסטוך האָט אויפגעהויבען זיין האַנט...

ווי נאָר אָבער זיי זיינען אריין אין וואלד האָבען זיך עטליכע שאָף אָפּגעטהיילט פון דער טשערעדע און האָבען גענומען געהן אָן א זייט, האָט דער בן מלך זיי גענומען נאָכלויפען. ער לויפט און די שאָף לויפען פאר איהם, און שנעלער פון איהם, האָט ער גענומען לויפען נאָך שנעלער, האָבען די שאָף גענומען לויפען ווי ווילדע, און אזוי ביז די שאָף האָבען איהם פארפיהרט טיעף אין וואלד, און אזוי ווייט פון דעם פּאסטוך אז ער האָט שוין גאָר צוריק דעם וועג ניט געקענט געפינען.

און דערווייל איז געוואָרען נאכט און פינסטער, איז ער ארויף אויף א בוים און זיך דאָרט געלייגט אויף די צווייגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיט דעם פאלשען בן מלך וואָס האָט געקיניגט איבער זיין פאָטער'ס רייך, האָט גראָד געטראָפען אזא מעשה:

איינמאָל איז ער מיט זיינע הארען ארויסגעפאָהרען אויף א שפּאציר. די פערד זיינען געווען זעהר גוטע, צוהיצטע, און זיי האָבען זיי פארטראָגען זעהר ווייט. מיט א מאָל האָבען זיי פאר זיך דערזעהן א זעהר גרויסען וואלד און ניט ווייט פון וואלד א טייך. איז ביי זיי געבליבען אראָפּצוגעהן פון די פערד און זיי לאָזען אָנטרינקען און זיך אליין אויך אָפּרוהען. ווי נאָר אָבער דער פאַל־שער בן מלך האָט צוגעפיהרט זיין פערד צום טייך און האָט אין

דעם גרויסען וואסער דערזעהן די אָפּשפּיגלונג פון דעם גרויסען וואלד, אינאיינעם מיט דעם ליכטיגען הימעל און מיט דער שיי־נענדיגער זון, האָט ער זיך גלייך דערמאָנט אָן דעם גרויסען מלך... האָט ער אַ ציטער געטון און אַרויסגעלאָזט דעם פערד'ס צוים פון האנט. האָט זיך דאָס פערד אָפּגעטהיילט פון איהם און גענו־מען געהן אין וואלד אריין. האָט ער גענומען נאָכגעהן דעם פערד. דאָס פערד אָבער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און איז ווייטער גע־גאַנגען. האָט ער דאָס גענומען רופען, האָט דאָס פערד אויסגע־דרעהט דעם קאָפּ, איהם אָנגעקוקט ווי עס וואָלט איהם עפּעס ווע־לען זאָגען, און איז אַוועק נאָך טיפער אין וואלד... און אַזוי האָט דאָס פערד פאַרפיהרט דעם פאַלשען בן מלך טיף און טיפער אין דעם וואלד, ביז ער האָט שוין צוריק ניט געקאָנט דעם וועג געפינען. און ווען ער האָט גענומען רופען האָט שוין קיינער זיין רוף ניט געהערט. און אַז די נאַכט איז צוגעפאַלען האָבען זיך פון אַלע זייטען גענומען הערען געשרייען פון ווילדע חיות, האָט ער זיך דערשראָקען און גענומען קריכען אויף אַ בוים.

ווי נאָר אָבער ער איז אַרויף הויך אויפ'ן בוים האָט ער דער־זעהן אַז עמיצער קוקט אויף איהם פון די צווייגען אַרויס...

— ווער ביזטו? — האָט דער פאַלשער בן מלך אויסגע־שריען מיט שרעק...

— אַ מענש! — האָט איהם יענער געענטפערט, און נאָכ־דעם צוריק געפרעגט:

— און ווער ביזטו?

— איך בין... — האָט זיך דער פאַלשער בן מלך אָנגערופען — איך בין... אַ מענש... אַ פאַרבלאָנדזשעטער... מיין פערד האָט זיך פון מיר אָפּגעטהיילט, האָב איך דעם גענומען נאָכגעהן, איך האָב דאָס געוואָלט כאַפּען און בין אַזוי פאַרפיהרט געוואָרען... און איצט וויים איך ניט וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט.

זאָגט צו איהם יענער:

— און מיך האָט עמיצער מיטגענומען טרייבען שאָף דורכ'ן וואַלד, האָבען זיך עטליכע פון זיי אָפּגעטהיילט און האָבען אויך מיך אַזוי פאַרפיהרט אין דעם וואַלד.

און אַזוי זיינען זיי זיך ביידע איבערגעזעסען אויפ'ן בוים די גאַנצע נאַכט, ביז סע האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אַ פּלוצלינגער געלעכטער...

דער געלעכטער איז געווען אַזאַ שרעקליכער אַז דער גאַנצער וואַלד האָט אויפגעציטערט...

און נאָך דעם געלעכטער איז גלייך געוואָרען גרויסער טאָג.

אין דער ליכטיג האָבען זיי זיך אָנגעקוקט און האָבען זיך דערקאָנט...

ביי דעם פאַלשען בן מלך האָבען זיך אַזש אויפגעשטעלט די האָר פון שרעק.

און דער אמת'ער בן מלך האָט זיך דערפרעהט.

באַלד אָבער האָט זיך דערהערט דאָס הירזשען פון דעם פערד און דאָס מעקען פון די שאָף. האָט זיך דער פאַלשער בן מלך געלאָזט צו זיין פערד, כדי ער זאָל איהם כאַפּען און וואָס גיכער אַנטלויפען פון דעם וואַלד, און דער אמת'ער בן מלך האָט זיך געלאָזט נאָך די שאָף וואָס דער פאַסטוך האָט איהם פאַרטרויט.

ווי נאָר אָבער דער אמת'ער בן מלך האָט זיך גענומען יאָגען נאָך זיינע שאָף איז איהם אַנטקעגען געקומען אַ זעהר גרויסער מענש. דער מענש האָט איהם אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— וואָס טהוסטו?...

האָט ער איהם געענטפערט:

— איך יאָג זיך נאָך מיינע שאָף.

זאָגט דער מענש צו איהם:

— לאָז צורוה די שאָף, ווייל דאָס זענען גאָר קיין שאָף ניט.

דאָס זענען זינד אַזוינע. און ווער ווייסט וואוהין זיי קאָנען דיך נאָך פאַרפיהרען. קום בעסער מיט מיר, אויב דו ווילסט ערגעץ קומען...

ווי נאָר דער בן מלך האָט דערהערט אַזוינע רייד, איז ער גע־בליבען שטעהן און זיך איינגעקוקט אין דעם מענשען. ערשט ער דערזעהט, אַז דער מענש איז אַזוי שרעקליך הויך און גרויס, אַז ער וואָלט געקאָנט צועפּענען דאָס מויל און איהם איינשלינגען...

האָט דער בן מלך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז גאָר קיין מענש ניט, און אַז עס איז דעריבער בעסער צו טון וואָס ער וויל, און ער איז איהם נאָכגעגאַנגען.

ווען זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג האָבען זיי באַגע־גענט דעם פאַלשען בן מלך. און אַז דער פאַלשער בן מלך האָט דערזעהן דעם אמת'ן בן מלך אינאיינעם מיט אַזאַ שרעקליך גרוי־סען מענשען, האָט ער זיך נאָך מעהר דערשראָקען און האָט אודאי געוואָלט אַנטלויפען. נאָר ער האָט ניט געקאָנט, ווייל אַזאַ כח איז שוין געלעגען אין אָט דעם גרויסען מענשען, אַז ווען מען האָט איהם דערזעהן האָט מען נאָר געקאָנט געהן צו איהם, אָבער ניט פון איהם...

זענען זיי מיט איהם אַזוי געגאַנגען וואוהין ער האָט זיי גע־פיהרט, ביז זיי האָבען פאַר זיך דערזעהן אַז ער פיהרט זיי צו אַן אָרט, וואָס איז פול מיט עקדישען און שלאַנגען. האָט זיך דער פאַלשער בן מלך זעהר דערשראָקען און האָט געזאָגט צום אמת'ען בן מלך:

— באשר, ער זעהט אפשר גאָר ניט וואו ער פיהרט אונז, לאָ־מיר איהם פרעגען.

האָבען זיי ביי איהם געפרעגט, ווי אַזוי וועלען זיי דאָס קאָנען דורכגעהן דורך אַזוי פיעל בייזע שלאַנגען און עקדישען?

און ווי נאָר זיי האָבען איהם דאָס געפרעגט, אַזוי האָט ער

אויסגעשטרעקט זיין שרעקליך גרויסע האַנט אַרויף אין דער הויך און געזאָגט:

— הלמאַי, ווי אַזוי וועט איהר קאָנען אַריינגעהן אַהין אין מיין שטוב?

האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע אויגען און האָבען דערזעהן אַ גרויסע שטוב וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטען...

און דער אמת'ער בן מלך, אַז ער האָט דאָס דערזעהן, איז דאָס איהם געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך דערפרעהט, און דער פאַלשער בן מלך, אַז ער האָט דאָס דערזעהן, איז דאָס איהם ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך דערשראָקען.

און דער מענש האָט זיי דורכגעפיהרט דורך די שלאַנגען און עקדישען, און ער האָט זיי אַריינגעבראַכט אין זיין הויז, וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטען, און ער האָט זיי דאָרט איבערגעלאָזט און איז אַוועק אין וואַלד אַריין.

אין אָוועגד איז דער מענש צוריקגעקומען פון וואַלד און ער האָט זיי געגעבען עסען און טרינקען, און האָט זיי געהייסען געהן שלאָפען. און אַז ער האָט זיי געהייסען, האָבען זיי אודאי געמוזט פאָלגען, נאָר דער פאַלשער בן מלך האָט די גאַנצע נאַכט ניט גע־קאָנט שלאָפען. און פאַרטאָג האָבען זיי מיט אַמאָל ווידער דער־הערט דאָס גרויסע געלעכטער... דאָס געלעכטער האָט געמאַכט צי־טערען אַלע בוימער פון דעם וואַלד. און דאָס געלעכטער האָט דעם פאַלשען בן מלך אָנגעשראָקען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז אַ דערשראָקענער אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער און גענומען אָנ־רעדען דעם אמת'ען בן מלך, אַז זיי זאָלען פרעגען ביי דעם מענ־שען וואָס דאָס איז פאַר אַ געלעכטער.

האָבען זיי ביי איהם געפרעגט.

האָט ער זיי געענטפערט:

דאָס לאַכט אַזוי דער טאָג אויס די נאַכט. וואָרים די נאַכט

פרעגט שטענדיג ביי דעם טאָג, — פאַר וואָס, אַלע מאָל ווען דו קומסט, מוז איך אַנטלויפען ווי אַ גנב'טע? און דער טאָג לאָזט דערויף אַרויס אַ גרויס געלעכטער און עס ווערט טאָג.

דעם אמת'ען בן מלך איז דער ענטפער שטאַרק געפעלען גע־וואָרען און ער האָט זיך געפרעהט, און דעם פאַלשען בן מלך איז דער ענטפער ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך געשראָקען...

נאָכדעם איז דער מענש ווידער אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד און איז ערשט געקומען אין אָוונד. און ווי ער איז געקומען און האָט געעפענט די טיר, אַזוי איז אויפגעגאַנגען די לבנה... און ווי נאָר די לבנה איז אויפגעגאַנגען, אַזוי האָבען זיך פון אַלע זייטען וואַלד מיט אַמאָל דערהערט שרעקליך ווילדע געשרייען פון אַלערליי חיות און פויגלען. די קולות זענען געווען אַזוינע שרעקליכע אַז סע האָט זיך גענומען דאכטען, ניט אַנדערש, עס איז געקומען אַ סוף צו דער וועלט...

ווען אָבער זייער ערשטער שרעק איז פאַרביי און זיי האָבען גענומען צוהערען זייערע אויערען, האָבען זיי דערהערט, אַז דאָס זענען גאָר קולות פון אַ גרויס געזאַנג, אַז די אַלע ווילדע חיות און פויגלען זינגען דאָס גאָר אַזאַ וואונדערבאַרען ניגון, אַז וואָס מעהר מען הערט זיך אין איהם איין, אַלץ מעהר דערפיהלט מען דעם גרוי־סען תענוג און דעם גרויסען וואונדער פון דער וועלט. וואָרים דאָס איז געווען אַ זעהר וואונדערליכער ניגון, וואָס זינט די וועלט שטעהט האָט נאָך קיינער אַזאַ ניגון ניט געהערט, און קיינער האָט נאָך אַזאַ תענוג ניט געהאַט, וואָרים אַלע תענוגים פון דער וועלט זענען גאָר ניט אַנטקעגען דעם גרויסען תענוג און אַנטקעגען די גרויסע וואונדער וואָס אַנטפּלעקען זיך פאַר די, וואָס הערען דעם דאָזיגען ניגון.

דער אמת'ער בן מלך איז פון דעם ניגון געוואָרען אַלץ שעה־

נער און ליכטיגער און דער פאַלשער בן מלך איז פון דעם ניגון גע־וואָרען מרה שחורה׳דיג און שווארץ ווי קויל...

נאָכדעם, ווען דאָס געזאַנג האָט זיך איינגעשטילט האָבען זיי געפרעגט ביי דעם מענשען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געזאַנג?

האָט ער זיי געענטפערט, אַז די זון האָט געגעבען דער לבנה אַ מתנה אַ זעהר שעהן און ליכטיג קלייד, וואָרים די זון האָט ליעב די לבנה... און די חיות און די פויגלען פון וואַלד האָבען דאָך אויך ליעב די לבנה, וואָרים זי טוט זיי אָפט גרויסע טובות און אונטער איהר הערשאַפט פיהלען זיי זיך שטענדיג בעסער און זיכערער, האָבען זיי ביי זיך אָפּגעמאַכט צו זינגען אַ גאַנץ נייעם ניגון לכבוד דעם שעהנעם קלייד וואָס די לבנה האָט פון דער זון געקראָ־גען, און אַלע מאָל ווען די לבנה פוצט זיך אויס אין דעם קלייד זינגען זיי זיך דאָס אַזוי פאַנאַנדער...

האָבען זיי זיך זעהר פאַרוואונדערט פון אַזאַ זאַך און זיי האָבען געזאָגט, אַז זיי וואָלטען אודאי געוואָלט נאָכאַמאָל הערען אָט דעם דאָזיגען ניגון.

האָט זיי דער מענש געענטפערט:

אודאי קאָנט איהר נאָכאַמאָל הערען דעם דאָזיגען ניגון. וואָ־רים איך האָב ביי מיר אַזאַ כלי, וואָס ווען מען לייגט זי צו צו אַ חיה וואָס איז אַן אמת׳ע חיה פון איהר מין, דערהערט זיך גלייך אָט דער ניגון.

האָבען זיי זיך געוואונדערט:

— וואָס הייסט אַ חיה, וואָס איז אַן אמת׳ע חיה פון איהר מין? — איז דען ניט יעדע חיה אַן אמת׳ע חיה?...

האָט ער זיי געענטפערט:

— אודאי ניט; אָט קומט ארויס, וועל איך אייך ווייזען אַז ניט.

און ער האָט זיי אַרויסגעפיהרט אין דרויסען, און זיי האָבען ווידער דערזעהן אַז דאָס הויז הייננגט אין דער לופטען, נאָר ער איז נעגאַנגען איבער דער לופט און זיי זענען איהם נאָכגעגאַנגען. — דעם אמת'ען בן מלך איז דאָס אַלץ זעהר געפעלען געוואָרען און ער איז איהם נאָכגעגאַנגען מיט אַ פרעהליך געמיט. און דעם פאַלשען בן מלך איז דאָס ניט געפעלען געוואָרען און ער איז איהם נאָכגע־גאַנגען מיט אַ צובראָכען געמיט און מיט אַ קלאַפענדיג האַרץ...

און דער מענש האָט זיי אַראָפּגעפיהרט צו זיינע שטאַלען און האָט גענומען די כלי און האָט זי צוגעלייגט צו אַ שאָף, צו אַ רינד, צו אַ פערד. און צו וואָס פאַר אַ חיה ער האָט נאָר צוגעלייגט די כלי, אַזוי האָט זיך באַלד דערהערט דער וואונדערבאַרער ניגון, וואָרים זיי זענען אַלע געווען אמת'ע חיות פון זייער מין, נאָכדעם אָבער איז ער מיט זיי אַרויס אין וואַלד און האָט צונויפגערופען די שאָף נאָך וועלכע, דער פאַרטריבענער בן מלך האָט זיך גע־יאָגט און האָט צו יעדער פון זיי צוגעלייגט די כלי, אָבער דער ניגון האָט זיך ניט געלאָזט הערען, און דער מענש האָט אויך צו־גערופען דאָס פערד וואָס האָט פאַרפיהרט דעם פאַלשען בן מלך און האָט צו דעם צוגעלייגט די כלי. איז די כלי אַלץ געבליבען שטום.

— איצט זעהט איהר — האָט זיך דער מענש צו זיי אָנגע־רופען, אַז די שאָף זענען ניט קיין אמת'ע שאָף און אַז דאָס פערד איז ניט קיין אמת פערד, נאָר דאָס זענען גאָר אַנדערע מינים זאַ־כען וואָס האָבען זיך פאַרשטעלט אין אַ פערד און אין שאָף, כדי אייך צו פאַרפיהרען...

— און איצט — האָט זיך דער מענש צו זיי אָנגערופען אויף אַ הויך קול — זייט גרייט און הערט!... זייט וויסען, אַז עס איז געקומען די צייט, איהר זאָלט וויסען ווער פון אייך עס איז דער אמת'ער בן מלך...

ווי נאָר דער פאַלשער בן מלך האָט דאָס דערהערט, איז ער גלייך געוואָרען אַ פאַרציטערטער.

דער אמת׳ער בן מלך אָבער האָט זיך ניט געשראָקען, וואָרים ער האָט ביי זיך געטראַכט:

— בין איך ניט דער בן מלך, טאָ, פאַרוואָס זאָל איך מיינען אַז איך בין דאָס יאָ? בין איך יאָ דער בן מלך, טאָ פאַר וואָס זאָל איך דאָס טאַקע ניט וויסען?

און דער מענש האָט גענומען און האָט פריהער געגעבען די כלי צום פאַלשען בן מלך.

האָט ער זי אָנגענומען מיטביידע הענט און האָט זי געהאַלטען און געהאַלטען אַזוי לאַנג ביז די הענט האָבען איהם גענומען ציטערען פאַר שרעק. די כלי אָבער איז געבליבען שטום...

איז דער מענש געגאַנגען און האָט ביי איהם צוגענומען די כלי און האָט זי איבערגעגעבען צום פאַרטריבענעם בן מלך, און ווי נאָר יענער האָט זיך צו איהר צוגעריהרט, אַזוי האָט זיך גלייך איבער׳ן וואַלד דערהערט דער גרויסער און וואונדערבאַרער ניגון און די לבנה האָט זיך אַ שעהנע און אַן אויסגעפּוצטע אויפגעהויבען הויך איבער׳ן וואַלד און איבער׳ן בן מלך, און די ליכטיגקייט ארום דעם בן מלך איז דערביי געוואָרען אַזוי, אַז דער פאַלשער בן מלך האָט דאָרט ניט געקאָנט איינשטעהן, און ער האָט זיך גענומען רוקען צו די שטאַלען, און ער האָט זיך גענומען באַהאַלטען אין די שאָטענס ווי אַ גנב. — — — — — — — — — — — — — —

דער בעטלער וואָס האָט דאָס אַלץ דערצעהלט איז דאָ געבליבען שטעהן, און ווען דער יונגער מלך האָט אויפגעהויבען זיין אראָפּגעלאָזטען קאָפּ, איז דער בעטלער שוין ניט געווען... און כאָטש דער בעטלער איז שוין ניט געווען פון דעסטוועגען איז דער פאַרווירטער יונגער מלך אויפגעשפּרונגען פון דעם שטיין אויף וועלכען ער איז די גאַנצע צייט געזעסען און האָט אויסגעשריען:

— בייזער בעטלער! פאַר וואָס האָסטו מיך געלאָזט אין מי־טען?! פאַר וואָס האָסטו מיר ניט דערצעהלט די מעשה ביז'ן סוף?...

דער וואלד האָט זיך צולאַכט, און פאַר די אויגען פון דעם יונגען מלך איז אויפגעוואַקסען אַ גרויסער שטיין און אויפ'ן שטיין איז געווען געשריבען:

„עס איז די גאַנצע וועלט אַ מעשה וואָס האָט זיך נאָך אינ־גאַנצען ניט דערצעהלט".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאַנג איז נאָכדעם דער יונגער מלך אַרומגעריטען איבער דעם וואַלד און ווען ער איז שוין צום סוף געשטאַנען ביים ברעג פון וואַלד האָט ער זיך אויסגעדרעהט צוריק און אויסגעשריען:

— ניין, איך פאָהר ניט צוריק! איך מוז פריהער וויסען ווער עס קיניגט איצט אין יענעם לאַנד, אין דעם לאַנד פון אַלע לענדער. — קיניגט שוין איצט אין יענעם לאַנד דער אמת'ער בן מלך?!

און ווי נאָר ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, אַזוי האָט עמיצער גלייך לעבען איהם, ווי ער וואָלט מיט איהם אינאיינעם אויפ'ן פערד געזעסען, אויסגעשריען בייז:

— ניין, ניט דער בן מלך, נאָר דער מלך! ער אַליין וועט קומען צוריק! ער אַליין וועט משפט'ען זיין לאַנד!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווי עס טראָגט זיך אַן אָפּגעריסענע בלאַט אויף די פליג־לען פון ווינט, אַזוי האָט זיך פון שרעק דער יונגער קעניג גענומען טראָגען אויף זיין פערד דורך וואַלד און פעלד און לאַנד און איז געקומען צו זיין פאָטער, דעם מלך:

— פאָטער, פאָטער! — האָט ער גענומען שרייען און זיך קלאָגען — וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטען, פאָטער? ווער איז

דאָס דער בעטלער, וואָס זאָגט — ער קאָן דיך? און וואָס איז דאָס פאַר א וואלד? און וואָס זענען דאָס פאַר מעשות? וואָס איז זייער באַשייד? זעה, איך האָב דורך דיר געלערענט פיעל חכמה. איצט לערען איך די חכמה מיט די מענשען פון דעם לאַנד, אין מיין נאָמען און אויך אין דיינעם. איך האָב ליעב חכמה, און בין גערעכענט פאַר א חכם, צום סוף מאַכט א בעטלער מיך צום נאַר. וואָס זאָל דאָס באַדייטען פאָטער? און האָסטו דען מיר ניט געזאָגט פאַר אַלעמען אין די אויגען אויף דעם גרויסען מאָהלצייט: — זעה, איך גיב דיר איבער דאָס קעניגרייך? טאָ ווער איז אָט דער ליכטיגער מלך פון וועלכען ער רעדט, און ווער איז אָט דער פאַלשער בן מלך?....

דער אַלטער מלך האָט אויף די אַלע פראַגען ניט געענטפערט. ער האָט נאָר אָנגעקוקט דעם צוטומעלטען יונגלינג און האָט פון איהם אָפּגעקערט זיין פנים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ד.

**און ווידער האָט דער יונגער קעניג באַגעגענט דעם בעטלער אין דעם וואַלד.**

— בעטלער — האָט געפרעגט דער יונגער קעניג — זאָג מיר ווער ביזטו?

— ניט פרעג דאָס, יונגלינג — האָט דער בעטלער געענטפערט.

— ניט פרעג, ווייל צו שווער וועט דאָס זיין פאַר דיר צו וויסען.

— און וואָס זענען דאָס פאַר מעשות וואָס דו דערצעהלסט?

— דאָס זענען מעשות, וואָס וויקלען זיך אַרום דעם ליכט פון דער וועלט. — האָט דער בעטלער געענטפערט.

— בעטלער! — האָט דער יונגער קעניג אויסגעשריען — דו האַלטסט זיך אויף אין דער טונקעלהייט פון געדיכטען וואַלד, דו קוקסט ניט אָן די וועלט, טאָ ווי קאָנסטו רעדען פון דעם ליכט פון דער וועלט?

דער בעטלער האָט בייז אויפגעהויבען זיינע גרויסע ברעמען און געזאָגט:

— איך ר ע ד ניט פון דעם ליכט פון דער וועלט, איך ד ע ר צ ע ה ל.

— און פאַר וואָס מוז דען דאָס ליכט פון דער וועלט דער־צעהלט ווערען? — פרעגט דער יונגער מלך אַ צוטומעלטער.

— ווייל דאָס ליכט פון דער וועלט, איז די מעשה פון דער וועלט...

— בעטלער, בעטלער! — האָט דער יונגער מלך אויסגע־שריען מיט א ציטערדיג הארץ — און וואָס איז מיט דער חכמה, וואָס איך האָב פאַר ביכער און פאַר קלוגע לייט געבראַכט? — —

דערויף האָט איהם דער בעטלער געענטפערט און געזאָגט:

— איך האָב אמאָל געזעהן עמיצען אריינלויפען צווישען זו־כענדיגע מענשען מיט פארמאכטע הענט און פרעגען, „וואָס האלט איך אין מיינע הענט!?“ די מענשען האָבען גענומען טראַכטען, אז ער האלט געווים וואָס זיי זוכען, האָבען זיי איהם גענומען נאָכ־לויפען און פרעגען: „ווייז וואָס דו האלטסט, ווייז!“... און נאָכדעם ווען זיי זענען איהם לאנג נאָכגעלאָפען, האָט ער צועפענט זיינע הענט, און זיי האָבען דערזעהן, אז אין זיי איז גאָר ניט געווען...

— דו ביזט א שלעכטער און א בייזער! — האָט אויסגעשריען דער יונגער מלך.

— איך בין ניט קיין שלעכטער און ניט קיין בייזער. איך טראָג דאָס ליכט פון דער וועלט! — האָט אויסגערופען דער בעט־לער מיט אזא קול, אז דער יונגער מלך האָט אויפגעציטערט מיט זיין גאנצען לייב.

— און וואָס וועט מיט מיר געשעהן ווען דו ברייננסט מיך צו דעם ליכט? — האָט נאָכדעם געפרעגט דער יונגער מלך.

— מענשען וואָס קומען צו דעם ליכט ווערען, אָדער פאַר־ברענט, אָדער נעלייטערט.

— בעטלער! — האָט זיך דער יונגער מלך אָנגערופען — דו ביזט היימליך און אונהיימליך ווי אָט דער גרויסער ווילדער וואלד. — פאר וואָס האָסטו מיר פאָרגעוואָרפען, אז איך בין ניט מיין פאָטער׳ס זוהן? מיט וואָס בין איך דען שולדיג, ווען דער פאָטער האָט מיך געשיקט צו משפט׳ן דאָס פאָלק, ווען דער פאָטער האָט מיר אליין געזאָגט: „זעה, איך גיב דיר איבער דאָס קעניג־רייך“?

— ווען דו וואָלסט ניט געווען שולדיג, וואָלטען דיך מיינע מעשות ניט געשראָקען...

— דיינע מעשות שרעקען מיך ניט, דו בייזער בעטלער! — האָט מיט צאָרען אויסגעשריען דער יונגער מלך. — איך וויל נאָר וויסען פאַר וואָס וואַרפסטו מיר פאָר אזוינע זאַכען? זאַכען וואָס קיינער קאָן ניט דערווייזען! ווער קאָן דען נאָך דיינע רייד וויסען צי איך בין דער אמת'ער בן מלך, צי איך בין דער מלך, צי האָב איך געמעגט איבערנעמען דאָס קעניגרייך פון די הענט פון מיין פאָטער?...

— די מעשה קאָן דאָס וויסען. — האָט איהם דער בעטלער געענטפערט.

— וואָס איז אזוינס די מעשה?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט: — די מעשה, דאָס איז דאָס ליכט פון דער וועלט.

— און דער מלך פון וועלכען דו האָסט מיר דערצעהלט, איז דער מלך פון דער מעשה און ניט דער מלך פון דער וועלט?

— דער מלך פון דער מעשה — האָט דער בעטלער געענט־פערט — איז דער אמת'ער מלך פון דער וועלט.

— „דער אמת'ער מלך פון דער וועלט" — האָט דער בן מלך נאָכגערעדט, ווי ניט הערענדיג וואָס ער זאָגט. און נאָכדעם האָט ער ווי אויפגעוואַכט און זיך פון דאָס ניי געווענדט צום בעט־לער:

— בעטלער, קאָנסטו מיר אפשר דערצעהלען נאָך א מעשה פון דעם דאָזיגען מלך?

— אז דו ביזט שוין דאָ, וועל איך דיך געוויס מיט ליידיגען ניט אָפּלאָזען פון מיר, וואָרים איך זעה דאָך — דיינע אוינען זענען הונגעריג און דיין האַרץ איז שווער — האָט איהם דער בעט־

לער געענטפערט. — אָט עפען דיינע אויערען און דיין הארץ און הער:

דער ליכטיגער מלך פון דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, האט געהאט א טאָכטער. די טאָכטער האָט ער אודאי זעהר ליעב געהאט. איינמאָל אָבער האָט געטראָפען, אז די טאָכ־טער האָט איהם אריינגעבראכט אין גרויס כעס, האָט זיך ביי דעם מלך ארויסגעכאפט:

— דו זאָלסט פארכאפּט ווערען!

ניט מעהר ווי דאָס.

אין אווענד איז זיך די טאָכטער אוועק אין איהר חדר אריין און אין דער פריה האָט מען שוין ניט געוואוסט וואו זי איז אהינ־געקומען.

האָט זיך דער מלך די זאַך זעהר שטארק צום הארצען גענומען. און ווען זיינע הארען זענען איהם געקומען טרייסטען האָט ער זיך גאָר טרייסטען ניט געלאָזט.

איינער פון דעם מלך'ס הארען — איז אודאי געווען דער גרויסער גבור. דער גרויסער גבור איז טאקע אויך געווען דער שני למלך און ער האָט אודאי זעהר ליעב געהאט זיין הער, דעם ליכ־טיגען מלך. האָט ער זיך דאריבער געווענדט צום מלך און אזוי גע־זאָגט:

— גרויסער הער! צו גרויס איז דיין צער אז איך זאָל איהם קאָנען צוזעהן און בלייבען שטיל. לאָז מיך נעהן זוכען דיין טאָכ־טער, דיין טרייסט. איך וועל זי זוכען ביז איך וועל זי געפינען. אָהן איהר וועל איך פאר דיר מיין פנים ניט ווייזען.

און דער שני למלך, דער גבור, האָט זיך אוועקגעלאָזט זוכען די בת מלכה.

א לאַנגע צייט איז ער געגאַנגען אויף פארשיעדענע וועגען און שטעגען, וואָס האָבען זיך געצויגען איבער וויסטע פעלדער און

פוסטע וועלדער, ביז איינמאָל איז ער געקומען צו א וועג וואָס האָט געפיהרט דורך שטיינערדיגע בערג און וואסערדיגע טהאָלען. האָט ער זיך געלאָזט מיט דעם וועג און איז געגאנגען אזוי לאנג ביז ער האָט פאר זיך דערזעהן א גרויסען פאלאץ.

פאר דעם פאלאץ זענען געשטאנען זעהר גרויסע און שרעקלי־כע חילות. אָבער זיי האָבען איהם גאָר ניט געטון. — האָט ער זיך געלאָזט צו זיי און איז דורך זיי דורכגעגאנגען ביז די טויערען פון דעם פאלאץ.

האָט איהם אויך דאָרט קיינער ניט אָפּגעשטעלט.

איז ער אריינגעגאנגען אינוועניג, און דערזעהן, אז ס'איז זעהר א רייכער פאלאץ, און אז די טישען שטעהען געגרייט מיט עסענוואַרג און מיט וויין. איז דאָס איהם זעהר געפעלען געווארען און ער האָט זיך פריהער פון אלץ אָוועקגעזעצט און אָפּגעגעסען...

און ערשט נאָכדעם, ווען ער האָט זיך אָנגעגעסען און אָנגע־טרונקען ביז צו זאט, האָט ער זיך געלאָזט איבער'ן פאלאץ און האָט זיך גענומען זוכען און קוקען און אזוי לאנג ביז מיט א מאָל האָט זיך פאר איהם אויפגעעפענט א טיהר און ער איז אריין אין א זעהר גרויסען זאַל...

דער זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט זעהר פיעל חילות און מיט הארען און ראָט־הארען און אינמיטען דעם זאל איז געשטאנען א גרויסע גאָלדענע שטול און אויף דער שטול איז געזעסען א מלך מיט א קרוין אויפ'ן קאָפּ, און פון דער קרוין האָבען ארויסגע־קוקט צוויי שפּיציגע הערנער.

און נאָך איידער דער גבור האָט צייט געהאט זיך אומקוקען צי די הערנער זענען א בעפּוצונג פון דער קרוין, צי זיי וואקסען פון דעם מלך'ס קאָפּ ארויס, האָט ער דערהערט ווי דער מלך בא־פעהלט מען זאָל אריינברענגען די מלכה.

און ווי נאָר דער מלך האָט ארויסגעגעבען זיין באפעהל, אזוי

האָבען גלייך די קאַפּעליעס און די חילות זיך אויפגעשטעלט און גענומען שפּיעלען און זינגען, לכבוד דעם אָנקומען פון דער מלכה.

און ווען די מלכה איז אריינגעקומען האָט מען פאַר איהר געמאכט א גרויסע וואַרע.

און אז דער גבור האָט דאָס דערזעהן האָט ער זיך גענומען שטופּען, כדי ער זאָל קאָנען זעהן די מלכה צוליעב וועלכער מען מאַכט דאָס אַזאַ פּאַראַד. ווי נאָר אָבער ער האָט דערזעהן די מלכה איז ער געבליבען שטעהן ניט טויט, ניט לעבעדיג, ווייל ער האָט דערזעהן אז די מלכה איז דאָס גאָר די בת מלכה, וואָס ער זוכט ארום שוין אַזוי פיעל יאָהרען...

די בת מלכה האָט איהם אויך דערקאָנט, און זי איז צוגע־גאַנגען צו איהם און געפרעגט:

— קאָנסט מיך?

— אודאי — האָט איהר דער גבור געענטפערט — דו ביזט דאָך אונזער בת מלכה, די טאָכטער פון אונזער ליכטיגען מלך. אונזער מלך און דאָס גאַנצע קעניגרייך בייינקען דאָך נאָך דיר שוין אַזוי פיעל יאָהרען... קום מיט מיר אהיים. מיין האַנט איז שטאַרק, און מיין שווערד איז שאַרף, און דער דינער מיט מיין פערד וואַרטען אויף אונז אין דרויסען פון דעם שלאָס.

ענטפערט איהם די בת מלכה:

— ניין, גבור. ניט מיט אַזאַ שטאַרקייט קאָנסטו מיך באַ־פרייען פון דעם אָרט... פאַר וואָס האָסטו דיך גלייך ביי דיין אָנ־קומען אהער געכאַפּט צום עסען און טרינקען?... אצינד געה אוועק פון דאַנען, קלויב דיר ערגעץ אוים אַן אָרט און זיץ דאָרט אָפּ א גאַנצען יאָהר־צייט און דעם גאַנצען יאָהר זאָלסטו ניט אויפ־הערען צו בענקען און האָפען מיך ארויסצונעהמען פון זייערע הענט, און דעם לעצטען טאָג פון יאָהר זאָלסטו פאַסטען און ניט שלאָפען.

איז דער גבור אוועק געגאַנגען און האָט געטון ווי זי האָט

געהייסען. — א גאנצען יאָהר האָט ער ניט אויפגעהערט צו בייג־קען און גלוסטען זי ארויסצונעהמען און אין דעם לעצטען טאָג פון יאָהר האָט ער געפאסט און איז ניט געשלאָפען, און נאָכדעם האָט ער מיט זיך מיטגענומען זיין דינער און זיין פערד און האָט זיך געלאָזט צום שלאָס צו באפרייען די געפאנגענע בת מלכה. ווי נאָר אָבער ער איז אזוי געגאנגען, האָט ער אויף זיין וועג מיט א מאָל דערזעהן א בוים מיט זעהר שעהנע עפעל. די עפעל זענען גע־ווען אזוינע שעהנע, אז ער האָט זיך פארגעסען אין אַלץ און האָט אָפגעריסען איינעם פון זיי און האָט זיך אין איהם איינגעביסען מיט די ציין. און ווי נאָר ער האָט זיך איינגעביסען מיט די ציין אין עפעל, איז ער גלייך אַנידערגעפאלען און איז איינגעשלאָפען מיט'ן עפעל אין מויל.

אַז דער דינער האָט דאָס דערזעהן האָט ער איהם גענומען וועק־קען:

— שטעה אויף, מיין האר! שטעה אויף!

און דאָס פערד וואס איז געווען געגרייט אויף צו פיהרען די בת מלכה, האָט גענומען הירזשען הויך און שטארק.

אָבער קיין זאך האָט דעם גבור ניט געקאָנט אויפוועקען.

און אַזוי איז דער גבור אָפּגעשלאָפען א סך יאָהרען, און ערשט ווען דער עפעל איז איהם ארויסגעפאלען פון מויל האָט ער זיך אויפגעכאפט, ווייל דער הונגער האָט איהם אויפגעוועקט. און ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעריבען די אויגען, אַזוי האָט ער זיך גלייך דערמאָנט אָן דער בת מלכה, האָט ער זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און געפרעגט ביי זיין דינער:

— וואו בין איך ערגעץ אין דער וועלט?

האָט דער דינער דערצעהלט דעם גבור די גאנצע מעשה און ער האָט איהם געזאָגט, אז עס איז שוין זעהר פיעל יאָהרען ווי דו שלאָפסט, און אז איך האָב דיך זעהר שטארק געוועקט און איך

האָב דיך ניט געקאָנט דערוועקען, און אז איך און דאָס פערד דערנעהרען זיך די גאַנצע צייט פון די עפּעל וואָס וואַקסען אויף דעם בוים.

האָט זיך דער גבור אודאי זעהר געוואונדערט און געפרעגט:

— און אייך האָבען די עפּעל גאָר ניט געשאַדט?

— ניין — האָט איהם דער דינער געענטפערט — אונז האָט דאָס זעהר וואויל באַקומען...

האָט זיך דער גבור די זאַך זעהר שטאַרק צום הארצען גענומען, און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז געקומען צו דער בת מלכה האָט ער זי געטראָפען אין גרויס צער, וואָרים זי האָט זעהר שטאַרק געביינקט נאָך איהר טאַטען דעם מלך. און זי האָט איהם פאַרגעוואָרפען און געזאָגט:

— איבער איין טאָג האָסטו מיך אָנגעוואָרען!

און זי האָט צו איהם ווייטער געזאָגט:

איך זעה שוין, אַז ניט עסען איז פאַר דיר זעהר א שווערע זאַך. דעריבער געה איצט ווידער אַוועק און קלויב דיר ערגעץ אויס אַן אָרט און זאָלסט דאָרט ווידער אָפּזיצען א יאָהר צייט, און אין דעם לעצטען טאָג זאָלסטו שוין יאָ מעגען עסען, אָבער שלאָפען זאָלסטו ניט טאָרען דעם גאַנצען מעת לעת, און זעה אַז דו זאָלסט אויך קיין וויין ניט טרינקען, כדי דו זאָלסט ניט שלאָפען.

איז דער גבור אַוועק און האָט אַזוי געטון און אין דעם לעצטען מעת לעת פון'ם יאָהר האָט ער מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט און האָט קיין וויין ניט געטרונקען און האָט זיך אַוועקגעלאָזט באַפרייען די בת מלכה.

ווי אָבער דער גבור איז אַזוי געגאַנגען, האָט ער דערזעהן ביי דער זייט פון וועג א קוואַל און דער אויסזעהן פון דעם קוואַל איז געווען רויט און זיין גערוך איז געווען ווי פון וויין.

רופט זיך דער גבור אָן צום דינער און זאָגט:

— זעה נאָר ס'ארא קוואַל! זיין וואסער איז רויט און זיין גערוך איז פון ווײַן. קום, וועלען מיר זיך אָנטרינקען.

זענען זיי געגאנגען און האָבען פארזוכט פון דעם קוואַל. דער דינער האָט זיך אָנגעטרונקען און עס האָט איהם ניט געשאדט. אָבער דער גבור, ווי נאָר ער האָט פארזוכט פון דעם קוואַל, אזוי איז ער גלייך אנידערגעפאַלען און איז אנטשלאָפען געוואָרען אויף עטליכע יאָהר.

איינמאָל זענען יענעם אָרט פאַרבייגעגאַנגען א סך חילות און נאָך די חילות זענען נאָכגעקומען א סך געשפאַנען מיט קארעטען און רייטוועגען. אין איינעם פון די געשפאַנען איז געזעסען די בת מלכה. און זי האָט גלייך דערקאָנט דעם שלאָפענדיגען גבור. און זי האָט געהייסען מען זאָל זיך אָפּשטעלען. און זי איז אַרויס פון דער קארעטע און איז צו צום גבור, וואָס איז דער שני למלך פון איהר פאָטער, און האָט זיך לעבען איהם אַוועקגעזעצט און האָט איהם גענומען וועקען. זי האָט איהם אָבער ניט געקאָנט דער־וועקען, האָט זי זיך זעהר ביטער פאנאנדערגעוויינט איבער איהם:

— באשר ס'איז שוין אזוי פיעל יאָהרען אז דו מאטערסט זיך מיך ארויסצונעמען פון זייערע הענט און פונקט אין דעם טאָג וואָס דו קאָנסט מיך ארויסנעמען האלטסטו ניט אויס. עס איז א גרויס רחמנות אויף מיר און אויף דיר. און דער צער פון מיין פאָטער, דעם מלך, איז דאָך געווים אויך זעהר גרויס.

נאָכדעם האָט זי אראָפּגענומען דעם זיידענעם שלייער פון איהר קאָפּ, און האָט אויף איהם געשריעבען מיט איהרע טרערען און געשריעבען און אַוועקגעלייגט דעם שלייער לעבען גבור און איז צוריק אַוועק און זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע און איז אַוועק מיט די חילות, וואָס האָבען געוואַרט אויף איהר.

און ווי נאָר זי איז אַוועק, אזוי האָט זיך דער גבור אויפגע־

כאפּט, און ווי ער האָט זיך אויפגעכאפּט אזוי האָט ער זיך גלייך דערמאָנט אָן דער בת מלכה.

פרעגט ער ביי זיין דינער:

— וואו בין איך ערגעץ אין דער וועלט ? !

דערצעהלט איהם דער דינער די גאַנצע מעשה, און ער דער־צעהלט איהם אויך פון די חילות, וואָס זענען דאָ נאָר וואָס פאַר־בייגעגאנגען, און פון דער בת מלכה וואס איז דאָ ערשט געזעסען נעבען איהם און געוויינט, און פון דעם זיידענעם שלייער אויף וועלכען די בת מלכה האָט געשריבען מיט טרערען און דאָ איבער־געלאָזט.

האָט דער גבור זיך גלייך אומגעקוקט און דערזעהן דעם שלייער, האָט ער איהם אויפגעהויבען אַנטקעגען דער זון, און דערזעהן, אז אויף איהם שטעהט אויסגעשריבען איינגאַנצען דאָס וויינען און קלאָגען פון דער בת מלכה און צום סוף איז פון די טרערען גע־ווען אויסגעשריבען, אז איצט איז זי שוין ניט אין דעם פאַלאַץ, אז ער זאָל זיך איצט אוועקלאָזען זוכען א גאָלדענעם בארג מיט א פערלענעם שלאָס, דאָרט וועט ער זי געפינען.

האָט דער שני למלך גענומען טראַכטען:

— וואוהין געהט מען איצט?

און ער האָט באַשלאָסען:

— מען דארף ווידער געהן אין אזוינע ערטער וואו קיין מענ־שען געהען ניט, וואָרים צווישען מענשען וואָלט זיך א גאָלדענער בארג און א פערלענער שלאָס ניט געקאָנט איינהאַלטען...

און דער גבור האָט איבערגעלאָזט דעם דינער און זיין פערד, און ער האָט זיך איינער אליין אוועקגעלאָזט איבער די מדבריות פון דער וועלט, און ער איז אזוי געגאנגען א סך יאָהרען, און יאָה־רען נאָך יאָהרען, ביז ער האָט איינמאָל אין מיטען העלען טאָג אָנ־געטראָפען א מאָדנע ווילדען מענשען, דער מענש איז געווען אזוי

גרויס אַז דער גבור האָט קענען איהם אויסגעזעהן ווי אַ קליין מענ־שעלע, און אויף דעם מענשענס קאָפּ זענען ניט געוואַקסען קיין האָר, נאָר וואָרצלען, און פון די וואָרצלען — אַ בוים מיט שווערע צווייגען.

און דער דאָזיגער ווילדער מענש איז צוגעקומען צום גבור און געפרעגט:

— ווער ביזטו?

האָט דער גבור איהם געענטפערט:

— איך בין אַ מענש.

האָט זיך אָבער יענער פאַרוואונדערט און געזאָגט:

— איך בין שוין דאָ אַזוינע לאַנגע יאָהרען און האָב נאָך קיין מאָל ניט געזעהן אַ מענש!... ווי אַזוי קומסטו אַהער?

דערצעהלט איהם דער גבור אַז ער זוכט די פאַרוואָגעלטע טאָכ־טער פון דעם גרויסען מלך, און אַז ער ווייסט, אַז זי געפינט זיך איצט ערגעץ אין אַ פּערלענעם שלאָס וואָס אויף אַ גילדערנעם באַרג.

זאָגט צו איהם דער גרויסער מענש:

— אַזאַ שלאָס איז געוויס אין ערגעץ ניטאָ, מען האָט דיך גע־ווים אָפּגענאַרט.

זאָגט איהם דער גבור:

— ניין, מען האָט מיך געוויס ניט אָפּגענאַרט. אַזאַ שלאָס איז געוויס יאָ דאָ. ער מוז ערגעץ זיין.

זאָגט צו איהם דער ווילדער מענש:

— נאָך מיין מיינונג איז דאָס אַ נאַרישקייט, נאָר אַז דו שפּאַרסט זיך אַזוי איין, וועל איך פאַר דיר צונויפרופען אַלע חיות פון דער וועלט און וועל ביי זיי פרעגען טאָמער האָבען זיי ער־גענץ געזעהן אַזאַ שלאָס. און אויב זיי ווייסען וועלען זיי זאָגען, ווארים איך בין זייער האַר און הערשער.

און ווי נאָר דער ווילדער מענש האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַזוי האָט

ער זיך גלייך גענומען שרייען צו אַלע עקען פון דער וועלט, און אויף זיינע געשרייען האָבען פון אַלע זייטען גענומען לויפען מיליאָנען חיות. און די חיות האָבען זיך אויסגעשטעלט ארום דעם ווילדען מענשען־בוים, און ער האָט ביי זיי געפרעגט:

— האָט איהר ערגעץ געזעהן אַ גילדערנעם בארג מיט אַ פער־לענעם שלאָס? !

האָבען זיי אַלע געענטפערט:

ניין! מיר האָבען אין ערגעץ אַזאַ בארג ניט באַגעגענט און אַזאַ שלאָס ניט געזעהן.

האָט זיך דער מענש מיט'ן בוים אויפ'ן קאָפּ אָנגערופען צום גבור:

— נו, איצט זעהסטו שוין, אַז מען האָט דיר איינגערעדט אַ נאַרישקייט? פאָלג מיך און קעהר זיך אום צוריק, ווייל עס איז גאָר אַזאַ זאַך אויף דער וועלט ניטאָ.

האָט איהם אָבער דער גבור געענטפערט און געזאָגט:

— איך הער, אַז דו זאָגסט — ס'איז ניטאָ, און אַז די אַלע חיות זאָגען — עס איז ניטאָ, אָבער איך ווייס אַז עס איז יאָ דאָ, אַז עס מוז ערגעץ זיין.

און אַז דער מענש מיט'ן בוים אויפ'ן קאָפּ האָט דערזעהן, אַז דער גבור שפּאַרט זיך אַזוי שטאַרק, האָט ער צום גבור אַזוי גע־זאָגט:

— איך, זעהסטו, בין דער ממונה איבער אַלע חיות, האָב איך זיי געפרעגט און זיי ווייסען ניט. איך האָב אָבער דאָ אין דער מדבר אַ ברודער און ער איז דער ממונה איבער אַלע פויגלען און זיי פליהען דאָך הויך, קאָנען זיי געוויס זעהן ווייטער. אפשר האָבען זיי וואו געזעהן אַזאַ זאַך. געה פרעג ביי איהם.

איז דער גבור אַוועקגעגאַנגען ווייטער אין דער מדבר, און ער איז געגאַנגען אַזוי לאַנג ביז ער האָט ווידער באַגעגענט אַ זעהר גרוי־

סען מענשען פון וועמעס קאָפּ עס איז ניט געוואַקסען קיין האָר, נאָר אַ גרויסער בוים מיט שווערע צווייגען. און דער דאָזיגער גרויסער מענש מיט'ן בוים אויפ'ן קאָפּ, האָט ביי איהם אויך געפרעגט ווי דער ערשטער, און האָט איהם אויך געראָטען ער זאָל בעסער געהן צוריק, ווייל אַזוינס ווי ער זוכט איז געוויס ניט צו געפינען. האָט זיך אָבער דער גבור גע'עקשנ'ט און געזאָגט:

— עס איז געוויס יאָ דאָ, עס מוז ערגעץ זיין.

איז דער מענש געגאַנגען און האָט צונויפגערופען אַלע פויגלען פון גאָר דער וועלט, און האָט ביי זיי געפרעגט:

— האָט איהר ערגעץ באַגעגענט אַ גאָלדענעם באַרג מיט אַ פּערלענעם שלאָס?!

האָבען זיי אַלע אויפגעפּאַטשט מיט די פליגלען און האָבען געענטפערט:

— ניין, מיר האָבען אין ערגעץ אַזאַ באַרג ניט באַגעגענט און אַזאַ שלאָס ניט געזעהן!...

האָט דער ממונה פון די פויגלען זיך אָנגערופען צום גבור:

— נו, איצט זעהסטו שוין, אז אַזאַ זאַך איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

האָט דער גבור אָבער זיך אַלץ ניט געוואָלט אונטערגעבען און ער האָט געענטפערט און געזאָגט:

— עס איז געוויס יאָ דאָ, עס מוז ערגעץ זיין!

האָט זיך דער ממונה פון די פויגלען אָנגערופען צום גבור:

— אויב דו עקשנ'סט זיך יאָ אַזוי שטאַרק, טאָ געה טיפער אין דער מדבר, דאָרט געפינט זיך מיין ברודער. ער איז דער ממונה איבער די ווינטען און זיי קעהרען דאָך אוים די גאַנצע וועלט, וועלען זיי דיר זאָגען אויף זיכער.

האָט זיך דער גבור אַוועקגעלאָזט נאָך טיעפער אין דער מדבר אריין. און ער איז געגאַנגען אַזוי לאַנג ביז ער האָט ווידער אָנגע-

טראָפּען אַ זעהר גרויסען מענשען מיט אַ גרויסען בוים און שווערע צווייגען אויף זיין קאָפּ. און דער דאָזיגער מענש האָט אויך געזאָגט צום גבור אַז אַזאַ זאַך איז געווים אין ערגעץ ניטאָ. נאָר פונדעסט־וועגען, ווען דער גבור האָט זיך לאַנג גע'עקשנ'ט איז דער מענש מיט'ן בוים אויפ'ן קאָפּ געגאַנגען און האָט צונויפגערופען אַלע ווינטען און האָט ביי זיי געפרעגט:

— האָט איהר ערגעץ געזעהן אַ גילדערנעם באַרג מיט אַ פּער־לענעם שלאָס?

האָבען זיך די ווינטען אַ הויב געטון אין דער לופט און האָבען אַלע גענענטפערט:

— ניין! מיר האָבען אין ערגעץ אַזאַ באַרג ניט באַגעגענט, און אַזאַ שלאָס ניט געזעהן!

האָט זיך דער ממונה פון די ווינטען אָנגערופען צום גבור:

— נו, איצט זעהסטו שוין אַז מען האָט דיר איינגערעדט אַ נאַרישקייט.

האָט דער גבור אָנגעהויבען זעהר שטאַרק קלאָגען און האָט גע־זאָגט:

— איהר אַלע ווייסט ניט. איך אָבער ווייס אַז אַזאַ זאַך איז יאָ דאָ; עס מוז ערגעץ זיין.

און ווי נאָר דער גבור האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַזוי האָט דער ממונה דערזעהן ווי איינער אַ פאַרשפּעטיגטער ווינט טראָגט זיך פון ווייט מיט גרוים איילעניש. און דער ווינט איז אָנגעקומען און האָט זיך אַ דערשראָקענער אוועקגעשטעלט פאַר דעם ממונה. האָט דער בוים מיט די שווערע צווייגען וואָס אויף דעם קאָפּ פון דעם ממונה זיך גענומען זעהר שטאַרק רוישען און בייזערען אויף דעם פאַרשפּעטיגטען ווינט. און דער ממונה האָט מיט כעס אויסגע־שריען:

— פאַר וואָס האָסטו זיך פאַרשפּעטיגט מיט דיין קומען?!

האָט זיך דער ווינט געקניעט און געבוקט פאַר דעם ממונה און האָט געענטפערט:

— פאַרגיב מיר, גרויסער הערשער! איך האָב זיך פאַרזאַמט, וואָרים איך האָב געדאַרפט אָפּטראָגען א בת מלכה צו א פּערלענעם שלאָס וואָס אויף א גילדערנעם באַרג.

אַז דער גבור האָט דערהערט אַזוינע רייד, האָט ער זיך אודאי זעהר שטאַרק דערפרעהט און דעם ממונה איז דאָס אודאי אויך געפעלען געוואָרען און ער האָט געפרעגט ביי דעם ווינט:

— ווער באַוואַכט דאָרט דעם גאָלדערנעם באַרג מיט'ן פּערלענעם שלאָס?

האָט זיך דער ווינט אויסגעגלייכט און געענטפערט:

— דעם שלאָס באַוואַכט אַ קעניג מיט זעהר גרויסע חילות.

האָט זיך נאָכדעם דער ממונה אָפּגעקעהרט פון דעם ווינט און האָט זיך געווענדט צום גבור, דעם שני למלך, און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

— אַזוי ווי עס איז דאָך שוין אַזוי פיעל יאָהרען, וואָס דו מיהסט זיך צו באַפרייען די בת מלכה, וואָלט דאָך אודאי געווען אַ יושר אַז דו זאָלסט זיך שוין אַזוי פיעל ניט דאַרפען מיהען. טאָ נאַ, נעם דיר מיט אָט די דאָזיגע כלי, וויקעל זי איין אין דער בת מלכה'ס שלייער, ווייל דאָס איז אַ זעהר טייערע כלי. ווען דו וועסט דאַרפען קאָנסטו זי אַ קעהר טון אַזוי און אַזוי, וועלען אַלע וואָס שטעהען דיר אין וועג פאַרוואַנדעלט ווערען אין חיות. נאָכדעם קאָנסטו די כלי אויפהויבען אין דער הויך און אַ שטויס טון מיט'ן פוס, וועט זיך אויפהויבען אַ זעהר גרויסער שטויב און רויך און איינער וועט ניט זעהן דעם צווייטען. און טאָמער וועסטו אַליין אויך ניט קאָנען זעהן און וועסט אַליין אויך פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ חיה, זאָלסטו זיך ניט שרעקען, ווייל אויב נאָר די כלי איז מיט דיר וועסטו אַלץ איבערקומען. דו וועסט זיך נאָר דאַרפען

אויסדרעהען און לויפען מיט'ן פנים צום מזרח, וואו עס געפינט זיך די מלוכה פון דיין מלך... און ווי נאָר דו וועסט מיט דער כלי אָנ־קומען צו דער שוועל פון דיין מלך'ס הויז אזוי וועסטו שוין דאָרט טרעפען די בת מלכה וואָס דו זוכסט אזוי לאַנג און דו וועסט צוריק ווערען שני למלך, געדיינק אָבער אז דו מוזט שטענדיג האַלטען דיינע אויגען געווענדט צו מזרח...

נאָך די דאָזיגע רייד האָט דער ממונה דערלאַנגט דעם גבור די וואונדערבאַרע כלי און האָט זיך געזעגענט מיט'ן גבור און האָט באַפוילען דעם ווינט, אז ער זאָל איהם גלייך ברייינגען אַהין צום גאָלדענעם באַרג און פּערלענעם שלאָס.

האָט דער ווינד גלייך אַרומגענומען דעם גבור און האָט איהם אויפגעהויבען און האָט איהם גענומען טראָגען איבער לענדער, און פעלדער, און וועלדער, און טייכען און ער האָט איהם געבראַכט ביז צו דעם גאָלדענעם באַרג מיט'ן פּערלענעם שלאָס.

אז די חילות האָבען דערזעהן דעם גבור האָבען זיי זיך אַלע אויסגעשטעלט אויפ'ן באַרג און האָבען איהם ניט אַריינגעלאָזען. האָט דער גבור דערזעהן אז ס'איז שלעכט האָט ער גלייך גענומען די טייערע כלי וואָס ער האָט געהאַלטען איינגעוויקעלט אין דער בת מלכה'ס שלייער, און ווי נאָר ער האָט די כלי געגעבען אַ דרעה אַזוי און אַזוי, זענען די אַלע חילות מיט אַ מאָל פאַרוואַנדעלט גע־וואָרען אין קוויטשעדיגע חזרים און דער מלך זייערער איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ שרייענדיגען פּאַנדול. און פון דער בת מלכה איז געוואָרען אַ ווייסע שאָף. מיט אַמאָל אָבער האָט דער גבור דערזעהן ווי דער שרייענדיגער פּאַנדול האָט פון כעס גענו־מען וואַרפען מיט פייער פון זיין בייזען מויל און ער האָט זיך מיט זיין גאַנצען כעס געלאָזט צו דער ווייסער שאָף — צו דער בת מלכה... האָט דער גבור געכאַפּט און האָט אויף גיך אויפגעהויבען די איינגעוויקעלטע כלי און געגעבען אַ שטויס מיט'ן פוס, איז

גלייך געוואָרען אזא גרויסער שטויב און רויך אז קיינער האָט דעם צווייטען ניט געזעהן. און דער שווארצער פאנדול און די אלע אנ־דערע חזרים האָבען פון שרעק גענומען לויפען אין אלע זייטען און האָבען זיך פאנאנדערגעקוויטשעט מיט אזוינע שרעקליכע קולות, ווי די וועלט וואָלט חרוב געוואָרען...

און דער גבור אליין איז אויך פארוואנדעלט געוואָרען. ער איז געוואָרען א הירש. און די טייערע כלי, וואס ער האָט איינגעווי־קעלט אין דער בת מלכה׳ס שלייער איז געלעגען אויף זיינע גרויס צוצווייגטע הערנער. נאָר ער האָט זיך ניט געשראָקען. ער האָט זיך גלייך אויסגעדרעהט מיט׳ן פנים צו מזרח און האָט זיך גע־לאָזט לויפען. ווייל ער האָט געוואוסט, אז ווי נאָר ער וועט אָנקו־מען מיט דער כלי צו דער שוועל פון דעם מלך וועט ער שוין דאָרט טרעפען די בת מלכה און ער וועט צוריק ווערען דער גרויסער גבור — דער שני למלך.

---

דער בעטלער איז דאָ געבליבען שטיל און איז ניט געוואָרען...
דער יונגער מלך האָט אויך איצט צוגעהערט די מעשה מיט אן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ, ווייל עס איז איהם אלע מאָל געווען שווער צו קוקען אין דעם בעטלער׳ס פנים ווען ער האָט דערצעהלט... נאָר ווען דער יונגער מלך האָט דערהערט אז דער בעטלער איז שטיל גע־וואָרען און דערצעהלט ניט מעהר וואָס עס איז געוואָרען פון דער בת מלכה און פון דעם גבור — דעם שני למלך, — האָט ער אויפ־געהויבען זיין קאָפּ... אָבער דער בעטלער איז שוין אין ערגעץ ניט געווען... אין וואלד איז שוין געווען נאכט און פינסטער און אין דער פינסטערניש זענען אָנגעפלויגען פייערדיגע פליגען און האָבען זיך אויסגעשטעלט אין ברענענדיגע ווערטער און ער האָט מיט א ציטערדיגען שרעק געלייענט:

„עס איז די גאַנצע וועלט אַ מעשה וואָס האָט זיך נאָך אינ־גאַנצען ניט דערצעהלט"...

טרויעריג און שווער איז פון דעם געוואָרען אויפ'ן הארצען פון דעם יונגען מלך. ווי א מיעדער האָט ער זיך ארויפגעהויבען אויף זיין קעניגליכען פערד. דאָס פערד האָט פאר איהם גע־שטרעקט, אין דעם נאכטיגען וואלד אריין, דעם שטאָלץ געבויגענעם האלז און דעם שעהנעם קאָפּ. דאָס פערד האָט געהויבען זיינע פעדערשטע פיס, ווי זיך ציערענדיג מיט יעדען טראָט. און דער יונגער קעניג האָט געקוקט פאר זיך און געטראכט:

— די נאכט און דער וואלד זענען שווארץ, און אויך איך פיהל זיך שווארץ. נאָר ליכטיג איז דאָס ווייסע פערד וואָס טראָגט מיך דורך דער נאכט און וואלד... און ווער ווייסט, אפשר איז אויך דאָס א מעשה, א מעשה וואָס האָט זיך נאָך אין גאַנצען ניט דער־צעהלט...

און נאָך האָט ער געטראכט: — ער וועט קומען צום פאָטער, דעם אלטען מלך און וועט זאָגען:

— פאָטער! זעה עס איז מיר שווער מיין קאָפּ, און מיינע געדאנקען זענען מיר שווארץ פון שרעק. זעה דער בעטלער האָט מיר שוין היינט דערצעהלט א מעשה פון א בת מלכה. איך האָב דאָך געווים קיינמאָל ניט געהאט קיין שוועסטער? צי אפשר האָס־טו יאָ געהאט א טאָכטער און מיר האָסטו פון דעם קיינמאָל ניט גע־זאָגט? איך, וואָס האָב אזוי קלאָהר געזעהן און דערוויזען פאר מענ־שען די וועגען פון דער און יענער וועלט. איך, דער קעניג, דער חכם און דער לעהרער, מוז הערען ווי עמיצער שרייט מיר נאָך: „דיין קאָפּ איז פול ניט מיט שכל, נאָר מיט גייציגע ווערעם". און הערען מוז איך דאָס פון אזוינס, ווענמען איך קאָן גאָר ניט טון. פאָטער! זאָג, וויפיעל מעשות האָסטו פון אָט דעם בעטלער גע־הערט און וויפיעל וועל איך נאָך פון איהם מוזען הערען? האָט

ער זיך אויף פאַרמאַסטען אויף אַרונטערצורייסען די קרוין פון דיין קאָפּ ?... אַ פאָטער, פאָטער !

אָט אַזוי האָט אַלץ געטראַכט דער יונגער מלך פאָהרענדיג אויף זיין ווייסען פערד דורך דער שווארצער נאַכט אין וואַלד און פאַר זיינע אויגען זענען געפלויגען די פייערדיגע פליגען וואָס האָבען זיך אַלע מאָל צונויפגעשטעלט אין ברענענדיגע ווערטער: „עס איז די גאַנצע וועלט אַ מעשה וואָס האָט זיך נאָך אינגאַנצען ניט דערצעהלט."

און ווען דער יונגער מלך איז געקומען צום פּאַלאַץ פון זיין פאָטער — דעם אַלטען מלך, האָט ער געטראָפען אַז דער פּאַלאַץ איז פאַרלאָזען. דער אַלטער מלך איז פון דאָרט אַוועק שוין לאַנג, און קיינער ווייסט ניט וואו ער איז...

דער יונגער מלך האָט דערפיהלט אַ קאַלטען שרעק אין זיינע ביינער.

— וואָס איז דאָ געשעהן ! ? וואו איז דער מלך ? וואו איז דער אַלטער מלך ? ! — האָט ער געשריען צו די ווענט פון דעם פוסטען פּאַלאַץ.

די ווענט אָבער זענען געבליבען קאַלט און שטום. נאָר אויף איינער פון די ווענט האָט פון אונטער אַ גלאָז, איינגעראַמט אין גאָלד, אַרויסגעקוקט אַ בריעף — דאָס איז געווען דעם מלך'ס יחוס בריעף. מיט דעם בריעף פלעגט זיך דער מלך ליעב האָבען צו ריהמען, וואָרים דער בריעף האָט באַוויזען אַז דער מלך שטאַמט פון מלכות בית דוד... און דער בריעף האָט איצט גענומען קו־קען אויף דעם יונגען מלך ווי אַן אויג וואָס איז בייז, ווי אַן אויג וואָס שרעקט און טרייבט...

ה.

כאָטש דער יונגער מלך האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט, אַז דער פּאַלאַץ פון זיין פאָטער — דעם מלך איז פּוסט — אַז דער אַל־טער מלך איז פאַרשוואונדען און ער ווייסט ניט וואו, דאָך האָט זיך איהם געגומען דאַכטען, אַז אַלע קוקען אויף איהם, ווי זיי וואָלטען פרעגען:

„וואו איז דער מלך ?...

„וואו איז דער אַלטער מלך ? !"...

„אַ שרעק האָט זיך אריינגעזעצט אין זיינע בליצענדיגע אויגען און האָט זיי צועפענט ברייט, און האָט זיך אין זיי געגראָבען טיעף, און האָט געלייגט קנייטשען אויף זיין יונגען שטערען.

ער האָט ביי זיך אַלץ געפרעגט :

פאַר וואָס איז דאָס געשעהן אַזוי, אַז מיין פאָטער איז צו מיר מיט אמאָל געוואָרען ניט גוט, און הארט און בייז ?...

וואָס וועל איך זאָגען די מענשען, ווען זיי וועלען געוואָר ווערען, אַז דער פאָטער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד ?...

און ער האָט געטראַכט :

דער פאָטער האָט מיט זיי בלויז געלערענט די וועגען פון דער וועלט, איך האָב מיט זיי גענומען לערנען די וועגען פון יענער וועלט און האָב דערביי אַזוי אָפט געברויכט דעם פאָטער'ס נאָמען... זיי האָבען געגלויבט אַז דאָס איז אויך זיין ווילען. איצט

אָבער אז זיי וועלען געוואָר ווערען אז דער פאָטער איז שוין מעהר ניטאָ אין זיין פּאַלאַץ, אז ער איז שוין אפשר גאָר מעהר אינ־גאַנצען אין לאַנד ניטאָ, וואָס וועלען זיי דעמאָלט זאָגען?... וואס וועלען זיי דעמאָלט טראַכטען פון מיר און פון דער גאַנצער חכמה וואס איך האָב פאר זיי געבויט מיט דעם אימפּעט פון מיינע יונ־גע און בלוטיגע יאָהרען?... וואס פאר א בראָך געהט דאָ קומען? — און ווי וועל איך זיך אהינטון אין דעם טאָג פון מיין בראָך?

און ווען ער האָט נאָך אזוינע פיעלע טעג און וואָכען אָנגע־טראָפען דעם בעטלער אין דעם וואלד, האָט דער בעטלער איהם אָנ־געקוקט און געזאָגט צו איהם:

— צו וואס זיך ערגערען פון דעם וואָס דו מיינסט אז עס קומט אויף דיר עפּעס אזוינס, וואָס דו וואָלסט ניט וועלען עס זאָל קומען? עס איז ניט שעהן און ניט קלוג. וואָס וואָלסטו גע־זאָגט צו איינעם וואָס ווארפט זיך אריין אין דער טיעפעניש פון ים אוים שרעק פאר דעם וואָס זיין לעבען איז אין געפאהר? און ווילסטו, קום מיט מיר ארויף אויף יענעם בארג, דער וואלד איז דאָרט ניט אזוי געדיכט, דאָרטען איז לייכטער און ליכטיגער. דאָרט וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה פון א קיסר וואס האָט זיך געשראָקען. וואָרים איך זעה דאָך — דיינע אויגען זענען הונגעריג און דיין הארץ איז שווער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערגעץ אין א לאַנד איז אמאָל געווען א קיסר, דער קיסר האָט ניט ליעב געהאט די וואָס דאווענען אין טלית און תפלין. האָט ער ארויסגעגעבען א באַפעהל, אז די אידען פון זיין לאַנד זאָלען זיך אָדער שמד'ען אָדער עס זאָל ביי זיי אוועקגענומען ווערען זייער האָב און גוטס און זיי זאָלען ארויסגעטריבען ווערען פון זיין לאַנד נאַקעטער־הייט. האָבען טאַקע א סך פון דעם דאָזיגען פאָלק מקריב געווען זייער האָב און גוטס און האָבען פאַרלאָזט דאָס לאַנד, אבי צו קענען

האַלטען זייער אידישקייט אָפען פאַר גאָט און פאַר לייט. עס האָ־בען זיך אָבער אויך געפונען אַזוינע וועמען זייער האָב און גוטס איז זיי טייער געווען, זיינען זיי געגאַנגען און האָבען זיך כלומר'שט גע'שמד'ט, נאָר בעהאַלטענערהייט פלעגען זיי פאָרט דאַווענען אין טלית און תפלין און אָפּהיטען אידישקייט.

אין אַ צייט אַרום איז דער קיסר געשטאָרבען און זיין זוהן האָט איבערגענומען די מלוכה.

דער זוהן איז געווען זעהר אַ שטרענגער, האָט ער אַריינ־געבראַכט אין כעס זיינע הויפּהאַרען. האָבען זיי זיך צונויפ־גענומען און האָבען ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זיי דאַרפען גאָר איינגאַנצען קיין קיסר ניט האָבען און דעריבער איז רעכט, אַז זיי זאָלען דער'הרג'ענען דעם קיסר מיט איינגאַנצען זיין הויזגעזינד.

איינער פון דעם קיסר'ס הויפּהאַרען איז געווען אַ בעהאַל־טענער איד. און אַז ער האָט דערהערט די דאָזיגע מעשה האָט ער ביי זיך גענומען טראַכטען אַזוי:

— איך בין דאָך ניט אַוועק מיט מיינע איבעריגע ברידער, ווייל איך האָב זיך דערבאַרעמט איבער מיין האָב און גוטס. היינט אַז זיי וועלען הרג'ענען דעם קיסר, וועט דאָך אין לאַנד, חלילה, ווע־רען אַ בהלה, און איינער וועט, חלילה, איינשלינגען דעם צווייטען, טאָ וואָס וועט נאָכדעם ווערען פון מיין האָב און גוטס? — איז ער דעריבער געגאַנגען און דערצעהלט דעם קיסר פון דעם בונט.

האָט דער קיסר אַרום זיך געשטעלט אַ באַהאַלטענע וואך אין דער נאַכט, און ווען יענע זיינען איהם געקומען הרג'ענען, זיינען זיי גלייך געכאַפּט געוואָרען.

נאָכדעם האָט דער קיסר צו זיך גערופען דעם האַר, וואָס איז געווען אַ באַהאַלטענער איד און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

אַזוי ווי דורך דיר איז דאָך געראַטעוועט געוואָרען מיין לעבען און מיין קעניגרייך, בין איך אודאי גרייט דיך צו בעלוינען מיט

וואָס נאָר דיין הארץ גלוסט, אפילו ביז א האלב פון מיין קעניגרייך. זאָג מיר דעריבער, וואָס איז דיין פערלאַנג?

רופט זיך צו איהם אָן דער האר:

— זיי וויסען, מיין קעניג, אז איך בין א באהאלטענער איד און דער שטארקסטער פארלאנג פון מיין הארצען איז, אז דו זאָלסט מיר ערלויבען צו דאווגען אין טלית און תפלין פאר אלעמען אין די אויגען.

דער קיסר האָט אוראי ניט געטראכט אז דער האר וועט פון איהם פארלאנגען אזא זאך, ווייל ער אליין האָט אויך ניט ליעב געהאט די טלית־און־תפלין־דאוונער, נאָר ער האָט דאָך שוין גע־געבען זיין וואָרט צו טון אלץ וואָס דער האר וועט בעטען, האָט ער שוין דעריבער געמוזט טון ווי ער האָט געזאָגט:

אין א צייט ארום איז אויך דער קיסר געשטאָרבען און זיינער א זוהן איז ארויף אויפ׳ן טראָן. דער זוהן איז געווען א שטרענגער; האָט ער ארויסגעגעבען א סך בייזע באפעהלען, און ער האָט אויך געדענקט אָן דעם האר דעם אידען, און ער האָט איהם גערופען צו זיך און האָט איהם באפויהלען, אז ער זאָל זיך אפּזאָגען פון זיין אידישקייט און זאָל אויפהערען דאווגען אין טלית און תפלין, ווייל ער האָט דאָס פיינט.

דער זוהן אָבער, וואָס איז געוואָרען דער נייער קיסר, איז גע־ווען א גרויסער חכם און אזוי ווי ער האָט דאָך געוואוסט, אז מען האָט זיין פאָטער געוואָלט אומברייננגען פאר זיין שטרענגקייט, איז ער דערפאר געגאנגען און האָט צונויפגערופען אלע שטערנזעהער פון זיין לאנד און האָט זיי באפוילען אז זיי זאָלען נאָכקוקען אין זיי זאָלען איהם לאָזען וויסען, פון וואָס פאר א זאך קאָן ער און זיין נאָכגעבורט פארשניטען ווערען, כדי ער זאָל וויסען פון וואָס זיך צו היטען.

האָבען די שטערנזעהער נאָכגעקוקט און האָבען איהם גע־

זאָגט, אז ער דאַרף זיך זעהן היטען פאַר אַן אָקס און פאַר א שאָף, ווייטער זעהען זיי ניט קיין שום זאַך דורך וועלכער ער אָדער זיין נאָכגעבורט קענען פאַרשניטען ווערען און ער דאַרף דאַריבער פאַר קיין אַנדער זאַך קיין מורא ניט האָבען.

האָט דער קיסר דאָס געהייסען פאַרשרייבען אין די ביכער און ער האָט גלייך דאַרויף אַרויסגעגעבען א באַפעהל, אז מען זאָל דורכזעהן דאָס גאַנצע לאַנד און עס זאָל נאָכדעם ניט איבערבלייבען קיין איין שאָף אָדער אָקס אין די גרעניצען פון זיין לאַנד.

האָט מען דעם באַפעהל גלייך אויסגעפיהרט.

אָבער גראָד אין דער נאַכט ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אז דער באַפעהל איז פּינקטליך אויסגעפיהרט געוואָרען, האָט זיך איהם גע׳חלום׳ט א זעהר מאָדנער חלום. — ער האָט פאַר זיך געזעהן דעם אויסגעשטערנטען הימעל און אַלע צוועלף מזלות האָבען מיט זייערע שיינענדיגע שטערען אַראָפּגעקוקט צו איהם. איז דאָס איהם געפעלען געוואָרען. נאָכדעם האָבען די מזלות גענומען איינציגווייז פאַרלאָזען דעם הימעל און נאָר צוויי זיינען געבליבען שטעהן. דאָס זיינען געוועזן דער אָקס און די שאָף — די מזלות פון ניסן און אייר... און זיי האָבען צו איהם אַראָפּגעקוקט פון דעם ליכטיגען הימעל און האָבען געלאַכט... ווען דער קיסר האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָט ער אָבער גאָר פאַרגעסען אָן דעם חלום.

און ער האָט זיך גענומען מיט נאָך א שטאַרקערער האַנד גע־וועלטיגען, וואָרים ער האָט דאָך שוין פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט. און ווייל ער האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט געהאַט, האָט ער גאָר גענומען טראַכטען ווי אַזוי צו באַהערשען די גאַנצע וועלט.

און ער איז געפאַלען אויף אַזא שכל: אַזוי ווי אין הימעל זיי־נען פאַראַנען זיבען שטערען וואָס געהען אַרום די זיבען טעג פון דער וואָך, און אַזוי ווי די ערד איז איינגעטיילט אין זיבען טיי־

לען, און יעדער טייל האָט אין זיך אַן אַנדער סאָרט מעטאַל, און יעדער פון די זיבען שטערען שיינט אַראָפּ אויף איינעם פון די טיילען פון דער ערד, וואָרים יעדער מעטאַל האָט אין זיך אַ סגולה אויף צו־ציהען דאָס ליכט פון אַן אַנדער שטערען, איז ער דערפאַר געגאַנ־גען און האָט צונויפגענומען די אַלע זיבען מעטאַלען פון די אַלע זיבען וועלט טיילען און האָט פון זיי אויסגעגאָסען אַ זעהר גרוי־סע מענשליכע געשטאַלט; דער קאָפּ פון דער געשטאַלט איז גע־וועזען פון גאָלד, די אַקסעל — פון זילבער, די הענט — פון קופּער, און אַזוי זיינען אויך אַלע אַנדערע טיילען פון דער געשטאַלטס קערפּער געוועזען געמאַכט פון אַן אַנדער מעטאַל פון די זיבען מע־טאַלען וואָס אויף די זיבען וועלט טיילען. נאָכדעם האָט ער גע־הייסען דעם אויסגעגאָסענעם מענשען אַרויפשטעלען אויף אַ זעהר הויכען באַרג. האָבען די אַלע זיבענערליי מעטאַלען, פון וועלכע דער מענש איז געוועזען צונויפגעשטעלט, צו זיך צוגעצויגען דאָס ליכט פון די אַלע זיבען שטערען. און דער גרויסער נאַקעטער מענש האָט גענומען כשופ׳ען די וועלט מיט דעם ליכט פון די אַלע זיבען שטערען און מיט די גרויסע סגולות וואָס איז געוועזען אין דעם שיין פון זייער ליכט...

האָבען זיך די מענשען פון אַלע זיבען וועלט טיילען געלאָזט צו דעם לאַנד פון דעם דאָזיגען קיסר און האָבען זיך גענומען בוקען צו דעם געגאָסענעם מענשען ווי צו אַ גאָט. און זיי האָבען ביי זיך אַלע אָפּגעמאַכט, אַז דער קיסר איז דער קלינסטער הערשער אין דער וועלט, און זיי האָבען זיך אַלע איהם איבערגעגעבען.

און נאָכדעם ווי דער קיסר האָט דערזעהן, אַז ער האָט באַ־הערשט די וועלט, האָט ער טאַקע גענומען שטאַרק גלויבען אין זיין חכמה און אין זיין גבורה.

נאָר דער אָקס און די שאָף, וואָס זיינען די מזלות פון ניסן און אייר פּלעגען איהם אָפּט קומען צו חלום, און זיי פּלעגען אַראָפּ־

קוקען צו איהם פון דעם אויסגעשטערענטען הימעל און זיי פלע־
גען לאַכען פון איהם...

האָט ער זיך מיט אמאָל גענומען זעהר שטארק שרעקען פאַר
דעם חלום און איינמאָל האָט ער זיך איבער דעם אויפגעכאַפּט פון
שלאָף אין מיטען דער נאַכט און זיך געהייסען ברייגגען דעם ספר
הזכרונות און האָט אין זיי גענומען זוכען, ביז ער האָט דאָרט גע־
פונען אריינגעשריבען אז איבער אַן אָקס און א שאָף וועט ער
אומקומען אינאיינעם מיט זיין נאָכגעבורט. איז אויף איהם אָנ־
געפאַלען נאָך א גרעסערער שרעק און ער האָט די מעשה גלייך
דערצעהלט דער קיסערין און זיינע קינדער. האָבען זיי זיך אַלע
זעהר שטארק דערשראָקען. און זיי האָבען געשיקט נאָך די וואָס
קאָנען באשיידען א חלום. האָבען די באַשיידער נאָכגעקלעהרט די
זאַך און יעדער פון זיי האָט ארויסגעגעבען זיין באשייד, ווי ער
האָט געקאָנט. דאָס האָט אָבער אַלץ ניט געלינדערט דעם שרעק
פון דעם קיסר און פון זיין משפחה.

האָט זיך נאָכדעם אויפגעהויבען איינער פון די באשיידער, און
האָט אויפגעהויבען זיין משל, און האָט אזוי געזאָגט:

— קעניג! שרעק טרייבט קיינמאָל ניט אוועק דאָס, וואָס
עס דאַרף קומען. עס ברענגט דאָס נאָך נעהנטער. נאָר אויב דו
קאָנסט זיך פאָרט פון דעם שרעק ניט באפרייען, איז פאַר דיר
פאראַן נאָר איין עצה. — אזוי ווי די זון האָט דריי הונדערט און
פינף און זעכציג טענג, און אזוי ווי אויף דער וועלט איז פאראַן
אַן אָרט, וואוהין די אַלע דריי הונדערט און פינף און זעכציג טענג
שיינען אריין אויף איין מאָל און ברייגגען מיט זיך מיט דעם שיין
פון דער זון דריי הונדערט און פינף און זעכציג מאָל, און אזוי
ווי אונטער דעם וואונדערבארען שיין פון יענעם אָרט וואַקסט אזוי
מין אייזערנע רוט, וואָס ווער עס ריהרט זיך אָן אין איהר ווייסט
מעהר פון קיין שרעק ניט זיין גאַנצען לעבען, איז דעריבער, אויב

דו וועסט קאָנען קומען אהין צו יענעם אָרט און זיך אָנריהרען אָן דער רוט, וועט אויך דיין שרעק פארשוואונדען.

זיינען דעם קיסר די רייד פון דעם דאָזיגען באשיידער זעהר געפעלען געוואָרען, האָט ער פארנומען זיינע קינדער און זיין גאנ־צע משפחה און האָט זיך מיט זיי אוועקגעלאָזט אהין צום פלאַץ וואוהין עס שיינען אריין אלע דריי הונדערט און פינפאונזעכציג גענג פון דער זון, וואו עס וואקסט די אייזערנע רוט. און דעם קלוגען באשיידער האָבען זיי אודאי אויך מיטגענומען, ער זאָל זיי ווייזען דעם וועג.

זיינען זיי אזוי אלע אינאיינעם געגאנגען, ביז זיי זיינען אין א פארנאכט געקומען צו אן אָרט, וואו די וועגען שיידען זיך, און אויף יענעם אָרט שטעהט א זעהר גרויסער מענש — דאָס איז דער ממונה איבער דער רוט, און ער האָט צו זאָגען אויף וואָס פאר א וועג איינער זאָל געהן צו דער רוט. וואָרים צו דער רוט פיהרען דריי וועגען: איין וועג איז א שטילער און גלייכער, און איינער איז פול מיט גריבער, און איינער פיהרט דורך א שרעקליכען פייער.

און ווי נאָר דער ממונה האָט זיי דערזעהן האָט ער זיי מיט זיין שרעקליך גרויסער האנט שטרענג אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פיהרט דורך דעם פייער. האָט זיך דער קלוגער זעהער אָנגערופען צום קיסר: זאָלסט וויסען, אז אויף דעם וועג ברענט אזא שרעק־ליכער פייער, וואָס נאָך פיער מייל ווייט פון דעם, ווערט מען שוין פארברענט.

האָט זיך דער קיסר אודאי דערשראָקען פאר די רייד פון דעם באשיידער, אָבער דער שרעק פאר דער שאָף מיט'ן אָקס וואָס זענען איהם דעם גאנצען וועג נאָכגעגאנגען און געלאָכט, איז געווען נאָך גרעסער... און ווען דער קיסר האָט דאָ ווידער אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל, האָט ער פאר זיך ווידער דערזעהן די שאָף מיט'ן אָקס, זיי זענען פונקט אין דער מינוט ארויס אויפ'ן הימעל און

האָבען זיך צוועקגעשטעלט אנטקעגען איהם און זיין משפחה און האָבען פון זיי געלאַכט... דעמאָלט איז דעם קיסר'ס שרעק געוואָרען אזא, אַז ער האָט ניט געקאָנט איינשטעהן, און ער האָט איבערגע־לאָזט דעם קלוגען באַשיידער און זיך געלאָזט צו דער אייזערנער רוט אויף דעם איינציגען וועג וואָס דער ממונה האָט איהם אָנגעוויי־זען — אויפ'ן וועג פון פייער... און ווי נאָר דער קיסר איז מיט זיין הויזגעזינד אָנגעקומען פּיער מייל פון דעם פייער, אזוי זיינען זיי אַלע גלייך פאַרברענט געוואָרען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

צוריק איז נאָר געקומען דער קלוגער באַשיידער.

און ווען ער האָט דערצעהלט פאַר די הארען פון לאַנד, וואָס עס האָט געטראָפען מיט'ן קיסר און מיט דעם גאַנצען קיסר'ס נאָכ־געבורט, דעמאָלט האָט זיך אויפגעהויבען דער האר — דער באַהאַל־טענער איר. ער איז שוין געוועזן גרוי און אַלט, אָבער כעס האָט ער אין זיך נאָך געהאַט גענוג, און ער האָט אויסגערופען:

— איצט וועל איך אייך געבען דעם באַשייד פאַר וואָס דער קיסר און זיין נאָכגעבורט זענען אומגעקומען דורך אַ שאָף און אַן אָקס — וואָרים דעם אידענס טלית איז געמאַכט פון דער וואָל פון שאָף, און די רצועות — פון דעם לעדער וואָס קומט פון אָקס. און ווייל דער קיסר און זיין פאָטער און זיין פאָטער'ס פאָטער האָבען אונז ניט געלאָזט צו דיענען גאָט ווי מיר ווילען, זענען גע־קומען די שאָף און דער אָקס און זיי האָבען געקריענט אונזער קריעג, און זיי האָבען פאַרנארעשט דעם גרויסען חכם פון דעם גלאַנציגען אָפּגאָט, און זיי האָבען איהם פאַרפיהרט און האָבען איהם בייגעקו־מען אינאיינעם מיט זיין פאַלשען נאָכגעבורט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער יונגער מלך, וואָס האָט אויסגעהערט די מעשה, איז נאָכ־דעם נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ,

ווייל ער האָט געוואוסט אז ווי נאָר ער וועט אויפהויבען דעם קאָפּ, וועט דער בעטלער שוין ניט זיין, איז צו וואָס גאָר אויפהויבען דעם קאָפּ, בעסער זיצען אַזוי און טראַכטען: — סאַראַ מאָדנער קיסר, ווי קלוג ער האָט געפיהרט זיין קעניגרייך! מיט וויפיעל שטאַרקייט ער האָט דאָס צונויפגעשטעלט אַ מענשען פון זיבענערליי מעטאַלען און איהם אויפגעהויבען אויף אַ הויכען באַרג! ווי וואונדערבאַר דער מענש האָט פון דער הויך גענומען כשופ'ן און פינקלען מיט זיינע זיבענערליי מעטאַלען, וואָס האָבען צו זיך צוגעצויגען דעם וויטען שיין פון די זיבען שעהנע שטערען! צום סוף האָט די גאַנצע חכמה, די גאַנצע שטאַרקייט ניט געקאָנט העלפען דעם קיסר צו פאַרשטעהן, אַז „שרעק טרייבט קיינמאָל ניט אוועק דאָס וואָס דאַרף קומען. — עס ברענגט דאָס נאָך נעהענטער"... און אַזוי געהט דאָס פון וועלט צו וועלט... און פאַר וואָס האָט ער מיר היינט דערצעהלט אַ מעשה מיט אַ אידען? אָך, יאָ, יאָ, מיין פאָטער האָט זיך דאָך געיחוס'ט מיט זיין אָפּשטאַמונג פון בית דוד. — און פאַר די אידען, הייסט דאָס, האַלטען אפילו מלחמה די שטערען אין הימעל...

נאָכדעם האָט דער יונגער מלך אויפגעהויבען זיין קאָפּ אויפ'ן באַרג. לעבען איהם איז קיינער ניט געווען, אויסער זיין קעניגליך־ווייס פערד.

דער אָוועגד איז געווען אַ שטילער און אַ בלויער.

און אַ בלויער נעבעל האָט זיך פערצויגען איבער'ן אונענדליך גרויסען וואַלד, וואָס האָט זיך געשפרייט פון אַלע זייטען אַרום דעם באַרג, און עס האָט אויסגעזעהען אַז דער וואַלד וואַקסט פון אַ בלויען ים אַרויס...

דאָס אַלץ איז גוט און שעהן, — האָט זיך געטראַכט דער יונגער מלך, נאָר פאַר וואָס זענען איצט אין הימעל דאָ אַזוי פיעל שטערען?...





און פאַר וואָס קוקען זיי אַלע אויף מיר אַזוי אָנגעשטעלט?
וואָס ווילען זיי פון מיר?!
וואָס בין איך זיי שולדיג?

און איהם האָט זיך געגומען דאַכטען, אַז דער באַרג הויבט איהם אַלץ העכער און העכער צו די שטערען...

און כדי צו אַנטלויפען פון די אָנגעשטעלטע גרויסע שטערען, צו וועלכע דער באַרג האָט איהם געהויבען אָהן אויפהער, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיין ליכטיג־ווייסען פערד, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם געדיכטען גרויסען וואַלד.

דער וואַלד איז גרויס און געדיכט, די נאַכט אין איהם איז שטיל און שוואַרץ, נאָר וואו ניט וואו שלאָגט זיך דורך אַ שטערען, וואָס דערצעהלט, אַז די נאַכט איז שוואַרץ, אָבער ניט בלינד, די נאַכט קוקט מיט שטערענדיגע אויגען...

ו.

ווי אזוי פֿאַרט האָט דאָס אַלץ געטראָפֿען? ! — האָט דער יונגער מלך ביי זיך אַלע מאָל גענומען פֿרעגען פֿון דאָס ניי.

מיט וואָס האָב איך זיך פֿאַרט פֿאַרשולדיגט?

וואו איז דען די זינד?

איך האָב גענומען לערנען מיט מענשען די חכמה פֿון יענער וועלט, איך האָב אָנגענומען, אַז איך מעג דאָס טון אויך אין דעם נאָמען פֿון מיין פֿאָטער. און נאָכדעם ווי דער פֿאָטער האָט מיר איבערגעגעבען דאָס קעניגרייך, האָב איך דאָך נאָך אויך געהאַלטען אין רעדען צום פֿאָלק ניט נור אין מיין נאָמען. טאָ פֿאַרוואָס האָט מיך איצט אזוי פֿלוצלונג דער פֿאָטער פֿאַרלאָזען?

נאָט אין הימעל!

און איצט בין איך איבערגעענטפֿערט געוואָרען אין די הענד פֿון דעם בעטלער!..

און וואָס איז דער שכל פֿון „דער מעשה פֿון דער וועלט" ווע־נען וועלכער ער רעדט? —

איהרע וועגען זענען דאָך קרומע, ליגנערישע.

זי קומט דאָך אונטער צו מיר ווי א גנב.

זי האָט דאָך שוין ביי מיר באַלד אוועקגע׳גנב׳עט דעם גלויבען, אַז איך בין דער זוהן פֿון מיין פֿאָטער.

זי האָט דאָך שוין מיר באַלד איינגערעדט, אז איך האָב אוועק־געַגנב'עט די קרוין פון מיין פאָטער'ס קאָפּ...

וואָס איז דאָס פאר א נעץ, אָט די מעשה פון דער וועלט, וואָס דער בעטלער שפרייט דאָ פאר מיר פאַנאַנדער?...

און ווער קאָן דען אין דעם שיין פון אזא לעהרע זיין זיכער מיט דער קרוין אויפ'ן קאָפּ, צי אפילו מיט'ן העמד אויפ'ן לייב?

גאָט אין הימעל! און וואָס איז דאָס פאר א פארע־טערישער און בייזער איד פאר וועלכען עס האָבען מלחמה געהאַל־טען די שטערען פון הימעל? און ווי, אז דער בעטלער איז דאָס אפשר אליין יענער בייזער איד געווען!?...

גרויסער גאָט, וואָס זענען דען דאָס איצט אינגאַנצען די אידען פאר א פאָלק?!..

און ווען דער צורייצטער יונגער מלך האָט אָנגעטראָפען דעם בעטלער, האָט ער איהם אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— בעטלער, אידען זענען דאָך היינט צושפרייט איבער אלע לענדער פון דער וועלט...

— נו, איז וואָס? — האָט דער בעטלער געפרעגט.

— עס האָט דאָך יעדעס לאַנד אן אנדער פנים, — האָט דער יונגער מלך אויסגעשריען מיט פאָרוואורף.

— יונגער יונגלינג! — האָט זיך אָנגערופען דער בעטלער. — יעדעס לאַנד האָט איהר אייגענעם פנים און אויף דעם פנים וואָס זי קריעגט פון איהר אָפּשפּיגלען זיך אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אלע לענדער.

דער יונגער מלך איז געבליבען שטעהן ניט וויסענדיג פאר וואָס, נאָכדעם האָט אין איהם דאָס הארץ א ציטער געטון און ער האָט מיט א מאָל געפרעגט:

„בעטלער, וואו געפינט זיך ערגעץ דאָס לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אלע לענדער?





— דאָס לאַנד איז דאָ — האָט איהם דער בעטלער געענט־פערט. — עס איז צווישען מיר און דיר.

— איך מיין, אויף וועלכער וועלט געפינט זיך דאָס דאָזיגע לאַנד? — האָט געזאָגט דער יונגער מלך.

דער בעטלער איז געבליבען שטיל און ניט געענטפערט.

— דאָס לאַנד איז דאָך געווים ערגעץ אין הימעל? — האָט דער יונגער מלך זיך אַלץ נאָכגעפרעגט.

— ניין, — האָט דער בעטלער געענטפערט, — ניט אין הי־מעל. אין הימעל זענען ק י י ן לענדער ניט פאַראַנען. אין הימעל זענען דאָ שטערען.

און איבער די שטערען? — האָט געפרעגט דער יונגער מלך מיט אַ שטאַרק־קלאַפענדיג האַרץ...

און איבער די שטערען איז פּוסט און וויסט. — האָט איהם דער בעטלער געענטפערט בייז און שאַרף.

— בעטלער — האָט דער יונגער מלך אויסגעשריען און איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט. —וואָס רעדסטו בעטלער? ! — בעטלער !...

אָבער דער בעטלער איז שוין דאָ ניט געווען, נאָר אַ גרויסער, גרויער פעלז איז געשטאַנען אויף זיין אָרט. דער פעלז איז גע־שטאַנען האַרט און שווער און האָט זיך שאַרף געהויבען צום וואלד, צום הימעל און איז געוואַקסען ווי אויף אומצופאַלען אויפ׳ן מלך...

אַ פאַרווירטער האָט זיך דער מלך צוריק אָוועקגעזעצט. און ווען ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען האָט ער ווידער דערפיהלט אַז דער בעטלער איז דאָ, אַז ער זיצט נעבען איהם.

— בעטלער, — האָט זיך דער יונגער מלך גענומען אַזוי ווי בעטען: — האָסטו דען מיר ניט געזאָגט, אַז דו דערצעהלסט מיר פון דעם ליכט פון דער וועלט?

— יאָ, — האָט דער בעטלער געענטפערט.
— נו וואָס זשׁע איז דאָס אַזוינס דאָס ליכט פון דער וועלט?..
— דאָס ליכט פון דער וועלט איז די מעשה פון דער וועלט.— האָט דער בעטלער געענטפערט.
— נו, און די מעשה פון דער וועלט קאָן דען ניט גרייכען ביז'ן הימעל?
— אודאי קאָן זי גרייכען ביז'ן הימעל, ביז די שטערען, ביז דער פוסטקייט אַריבער די שטערען; אָבער פריהער פון אַלץ איז זי דאָ, צווישען מיר און דיר, צווישען דיר און די אַנדערע מענשען.
— און וואוהין געהט אַוועק דער מענש ווען ער שטאַרבט? — געהט דען דער מענש איננאַנצען פאַרלוירען און מיר קענען איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן? די ערד דעקט איהם צו און קיין הימעל איז ניטאָ?... — האָט דער יונגער מלך ווי געערערט פאַר זיך.
דער מענש געהט ניט פאַרלוירען, — האָט איהם דערויף דער בעטלער געענטפערט. — דער מענש געהט איבער אין דער מעשה פון דער וועלט, און דאָרט קאָנען מיר איהם באַגעגענען און זעהן...
— הייסט דאָך דאָס, אַז די לעבעדיגע און די טויטע געהן אום אין איין וועלט — אין דער מעשה פון דער וועלט!
— יאָ, — האָט דער בעטלער געענטפערט — די לעבעדיגע און די טויטע...
— און די לעבעדיגע באַגעגענען זיך מיט די טויטע דאָ אויף דער וועלט? — האָט דער יונגער מלך איבערגעפרעגט.
— יאָ, אויף דער וועלט.
— ווי אַזוי?
— אָט דערמאָן זיך אין דיינעם אַ פריינד, אָדער אַ באַקאַנטען, וואָס איז געשטאָרבען, און זעה צי דו האָסט איהם ניט באַגעגענט אַ סך מאָל אויף דער וועלט?... ניט מעהר — דו ביזט נאָך ניט איננאַנצען מעשה און זיי זיינען שוין לויטער מעשה. —

דעריבער איז דיר ניט איינגעפאַלען צו רעדן מיט זיי מיט אָן אָפּען מויל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בעטלער, און די וואָס האָבען ניט ווער עס זאָל זיך אָן זיי דערמאָנען, ווער עס זאָל זיי געדיינקען?!... וואוהין קומען זיי אהין? — האָט געפרעגט דער יונגער מלך.

— איך האָב דיר ניט געזאָגט אַז נאָר דיינע נאָהענטע און באַקאַנטע געהען איבער אין דער מעשה פון דער וועלט. איך האָב זיי דיר נאָר געבראַכט אַלס עדות. ווייל דאָס וואָס מיר ווייסען פון אונזערע נאָהענטע און באַקאַנטע, זאָגט עדות פאַר די ווייטע און אונבאַקאַנטע, אַז אויך זיי געהען ניט פארלוירען, אַז אויך זיי בלייבען לעבען ערגעץ אין דער מעשה פון דער וועלט...

— אַלע בלייבען ביי דיר לעבען — האָט זיך אָבגערופען דער יונגער מלך. — און ווער קאָן דען אויף אַזאַ אופן צעהלען די יאָהרען פון אַ מענשען?

— קיינער קאָן ניט צעהלען, — האָט דער בעטלער געענט־פערט.

דער יונגער מלך איז דאָ געבליבען שטיל. ער האָט געוואַרט און האָט געטראַכט, און נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צום בעטלער און האָט געזאָגט:

— בעטלער! און ווען איך וואָלט ביי דיר געפרעגט: — ווי אַלט ביזטו?...

— ווען דו וואָלסט געפרעגט? צי דו פרעגסט?...

— איך פרעג! — האָט געענטפערט דער יונגער מלך.

— געדיינק — האָט זיך אָנגערופען דער בעטלער. — איך האָב דיך געוואָרענט און געזאָגט: „צו שווער, אַ יונגער יונגלינג, וועט זיין פאַר דיר צו וויסען ווער איך בין". איצט אָבער נעהענ־טערט זיך דיין אָנהויב און דיין סוף. און ווייל איך זעה — דיינע

אויגען זיינען הונגעריג און דיין הארץ איז שווער, און ווייל איך זעה — דו בלאָנדזשעסט ווי איינער וואָס זוכט א וועג — טאָ הער. זיבען מאָל וועל איך זיך פאר דיר לאָזען דערקאָנען. זעקס מאָל וועסטו מיך זעהען און הערען און פארשטעהן, נאָר ניט אינגאנצען. דעם זיבעטען מאָל וועסטו מיך דערזעהן, דערהערען און אינגאנצען פארשטעהן, נאָר ניט קענען פארטראָגען... און איצטער פארנעם און הער: דו פרעגסט ווי אלט איך בין, זיי ווייסען, אז איך בין זעהר אלט. און בין נאָך גאָר יונג און איך האָב נאָך גאָר ניט אָנגעהויבען צו לעבען... און דערויף וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה:

א מאָל זיינען מענשען געפאָהרען אויפ'ן ים. האָט זיך אָנ־געטראָגען א גרויסער שטורעם, האָבען זייערע שיפען ניט געקאָנט אויסהאלטען און זיינען צובראָכען געוואָרען. און דער שטורעם האָט אויפגעכאפט די מענשען און האָט זיי פארטראָגען ערגעץ אין א הויכען טורעם. פון דעם טורעם האָבען זיי ניט געקאָנט ארויס. ווייל ער איז געשטאנען אין מיטען פון דעם גרויסען ים. און קיין לייטערס האָבען די מענשען ניט געהאט און קיין שיפען האָבען זיי אויך ניט געהאט.

איז ביי די מענשען געבליבען. אז זיי זאָלען זיך נעמען דער־צעהלען אלטע מעשות. דאָס הייסט — יעדער זאָל דערצעהלען דאָס עלטסטע וואָס ער געדיינקט, דאָס ערשטע וואָס ער ווייס, זינט עס האָט זיך ביי איהם אָנגעהויבען זיין זכרון...

האָט מען זיך פריהער געווענדט צום עלטסטען זקן, ער זאָל דערצעהלען דאָס ערשטע פון זיין זכרון. האָט ער זיך אָנגערופען:

— קינדער, מיין זכרון געהט זעהר ווייט צוריק. ווייל איך געדיינק נאָך זעהר גוט די מינוט ווען מען האָט אָפגעשניטען דאָס עפעלע פון דעם צווייג...

זענען אלע געבליבען ערשטוינט און האָבען זיך געוואונדערט

אויף דער דאָזיגער מעשה פון דעם גאָר אַלטען. און די חכמים וואָס זענען דאָרטען געווען האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז באמת אַ זעהר אַלטע מעשה...

האָט מען זיך נאָכדעם געווענדט צו אַ צווייטען זקן.

דער צווייטער זקן איז געווען אינגער פון דעם ערשטען און ער האָט זיך אָנגערופען:

— און איך, קינדער, געדיינק נאָך אפילו ווי דאָס ליכט האָט געברענט אויף דעם עפּעל און האָט איהם צייטיג געמאַכט...

האָבען זיך אַלע ווידער פאַרוואונדערט, און האָבען זיך נאָכדעם געווענדט צו אַ דריטען זקן.

דער דריטער זקן איז געווען נאָך אינגער פון דעם צווייטען. האָט ער זיך אָנגערופען:

— יאָ, דאָס זענען אודאי זעהר אַלטע מעשות, אָבער איך געדיינק נאָך אַפילו ווי דער עפּעל האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו וואקסען...

האָבען זיך אַלע ווידער פאַרוואונדערט. און כאָטש ניט אַלע האָבען פאַרשטאַנען וואָס דאָס אַלץ באַדייט, האָבען זיי אָבער אַלע געוואוסט, אַז יעדער יונגערער דערצעהלט אַ מעשה וואָס איז עלטער...

האָבען זיי זיך נאָכדעם געווענדט צו אַ פערטען זקן, וואָס איז געווען נאָך יונגער. האָט ער זיך אָנגערופען און געזאָגט:

— און איך, קינדער, געדיינק נאָך אפילו ווי מען האָט געפיהרט דאָס קערענדעל צו פלאַנצען דעם עפּעל־בוים...

האָט זיך אַ פינפטער, וואָס איז געווען נאָך יונגער, אָנגערופען:

— און איך געדיינק נאָך אפילו ד י, אין וועמעס קאָפּ עס איז געבוירען געוואָרען דער געדאַנק וועגען קערענדעל... איך געדיינק נאָך אפילו די מינוט ווען דער געדאַנק וועגען קערענדעל איז געבוירען געוואָרען.

האָט זיך דער זעקסטער זקן, וואָס איז געווען נאָך יינגער, אָנגערופען:

— און איך געדיינק נאָך אפילו די צייט ווען דער טעם איז אריין אין דער פלאַנצונג.

האָט זיך א זיבעטער אָנגערופען:

— און איך געדיינק נאָך אפילו די צייט ווען דער ריח איז אריין אין דער פלאַנצונג.

האָט זיך אַן אכטער אָנגערופען:

— און איך געדיינק נאָך אפילו די צייט איידער דאָס אָנזעהן איז ארויף אויף דער פלאַנצונג.

דער נייגטער פון די דערצעהלער בין איך געווען. און איך בין געווען נאָך גאָר א קינד. און איך האָב זיך צו זיי אָנגערופען און האָב געזאָגט:

און איך וויים און געדיינק די אַלע מעשות וואָס איהר אַלע ווייסט און געדיינקט, און איך וויים און געדיינק אויך גאָר ניט...

און ווי נאָר איך האָב דאָס אויסגערעדט אזוי האָט זיך מיט א מאָל פון ווייט דערהערט דאָס שלאָגען פון צוויי שטאַרקע פליגלען און באַלד איז צום טורעם אָנגעפלויגען דער גרויסער אָדלער. און ער האָט אָנגעקלאַפּט אין די פענסטער און האָט אויסגעשריען:

„מאַכט זיך גרייט.

„אוצרות וואַרטען אויף אייך.

„קעהרט זיך אום צו אייערע שיפען — דאָס זענען אייערע לייבער.

„זיי זענען צושטערט געוואָרען פון דעם גרויסען שטורעם. זעהט, זיי וועלען צוריק אויפגעבויט ווערען פון אייערט וועגען. און איך זאָג אייך נאָך א מאָל, אוצרות וואַרטען פאַר אייך, אוצרות וואַרטען, אַז איהר זאָלט געהן און זיך באַנוצען מיט זיי. וואָרים

נאָר אייך קענען די אוצרות פארטרויט ווערען, וואָרים אייערע גע־דאַנקען זענען קלאָהר, ווייל אייער זכרון לויפט אזוי ווייט..."

און דער אַדלער האָט אונז באַפוילען און געזאָגט:

— שטעלט זיך איצט אוים איינס אונטערן אנדערען, וואָרים דער עלטסטער פון אייך זאָל זיין דער ערשטער וואָס איך וועל ארויסלאָזען פון דעם טורעם.

און דער גרויסער אָדלער האָט מיך ארויסגעלאָזט דעם ערשטען, וואָרים ער האָט געזאָגט:

— דער פון אייך, וואָס האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט ווען מען האָט אָפּגעשניטען דעם עפּעל פון צווייג, האָט דאָך דער־צעהלט, אז זיין זכרון געהט אויף אזוי ווייט צוריק, אז ער געדיינקט אפילו די מינוט ווען ער איז נאָר וואָס געבוירען געוואָרען, די מינוט, ווען מען האָט נאָר וואָס אָפּגעשניטען זיין נאַפּעל פון זיין מוטער׳ס בויך. און דער אנדערער וואָס האָט געזאָגט, אז ער געדיינקט, ווי דאָס ליכט האָט געברענט אויף דעם עפּעל׳ס קאָפּ, האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט אפילו וואָס מיט איהם האָט זיך געטהון אין דער מוטער׳ס בויך, ווייל די גמרא זאָגט, אז דעמאָלט ברענט א ליכט אויפ׳ן קינד׳ס קאָפּ — דאָס ליכט פון תורה. און דער וואָס האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט נאָך ווי דער עפּעל האָט ערשט אָנגע־הויבען צו ווערען א פרי, האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט נאָך די צייט ווען זיין קערפּער האָט ערשט אָנגעהויבען צו ווערען. און אזוי האָט אודאי דערצעהלט א נאָך עלטערע מעשה דער, וואָס האָט געזאָגט, אז ער געדיינקט נאָך אפילו ווי מען האָט געפיהרט דאָס קערענדעל צו פלאַנצען. און דער, וואָס האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט נאָך די מינוט ווען דער געדאַנק וועגען קערענדעל איז געבוירען געוואָרען, דער האָט דערצעהלט א נאָך עלטערע מעשה. און די וואָס האָבען גערעדט פון דעם טעם — דאָס איז דאָס לייב, און פון דעם ריח — דאָס איז דער גייסט. און פון דעם אָנזעהן —

דאָס איז די נשמה. — זיי האָבען דערצעהלט נאָך עלטערע מעשות. דער אָבער פון אייך, וואָס האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט אלץ וואָס איהר האָט דערצעהלט און ער געדיינקט גאָר ניט, דער איז דער עלטסטער און דער ערשטער; דער האָט דערצעהלט די עלטסטע מעשה אין דער וועלט, דער האָט דערצעהלט, אז ער געדיינקט נאָך די צייט איידער עס איז עפּעס געוועזן... און די צייט איז די עלטסטע אין דער וועלט און זי איז אויך די יונגסטע, אזוי יונג ווי א זאַך, וואָס דאַרף נאָך ערשט אָנהויבען צו לעבען.

נאָכדעם האָט אונז דער גרויסער אָדלער געבענשט און האָט פאַר אונז געעפענט דעם וועג צו אונזערע שיפען, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין בויען. און צו מיר האָט ער זיך געווענדט און גע־זאָגט:

— דו ביזט דאָך דער נייגטער און דער ערשטער, דו ביזט דאָך דער סוף און דער אָנהויב. קום מיט מיר, וועל איך דיך אויף מיינע פליגלען טראָגען. וואָרים דו ביזט מיר נאָהענט און אייגען, וואָרים דו ביזט אזוי ווי איך, ווייל דו ביזט אזוי אלט און אזוי יונג, ווי איינער וואָס האָט נאָך גאָר ניט אָנגעהויבען צו לעבען...

און דער גרויסער אָדלער האָט מיך גענומען אויף זיינע גרויסע פליגלען און האָט מיך געטראָגען זעהר לאַנג און ווייט. און ער האָט מיר געוויזען אזוינע זאכען, אז אלץ וואָס איך זעה אין דיין וועלט איז ניט ווערט קיין אויגענבליק. און דערפאַר געה איך אָפּט אַרום צווישען מענשען מיט געשלאָסענע אויגען. און מענשען מיי־נען אז איך בין בלינד, און מענשען זאָגען: — זעה, אָט געהט דער בלינדער בעטלער!...

ביי די ווערטער: — „זעה, אָט געהט דער בלינדער בעטלער" — האָט דער יונגער מלך אויפגעהויבען זיינע אויגען ווי אויף א באַפעהל... דער בעטלער איז שוין ניט געוועזן, נאָר עמיצער מיט פארמאַכטע אויגען איז בלינדערהייט פאַרבייגעגאַנגען פאַר דעם

יונגען מלך, און דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען האָט דער מלך דערזעהן און דערפיהלט דעם כח פון אזא בלינדקייט. דאָס איז געווען א בלינדקייט וואָס האָט געשמיסען ווי מיט ריטער, ווי מיט בייטשען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ז.

נאָכדעם האָט דער יונגער מלך געוואָרט מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרץ, צו הערען וואָס נאָך האָט איהם דער בעטלער צו דערצעהלען. ווי אַזוי נאָך וועט ער זיך פאַר איהם אנטפּלעקען? ער, וואָס האָט שוין אויסגעזאָגט, אַז ער איז דער ערשטער און דער לעצטער, אַז ער איז דער אָנהויב און סוף?!

און וואָס האָט איהם געמאַכט צו קומען אויף מיין וועג? קומט ער דען צו יעדען איינעם?

אפשר קומט ער צו יעדען, אפשר באַגלייט ער יעדען מענשען אויף זיין וועג, נאָר ניט יעדער מענש קאָן איהם זעהן קלאָהר. און ניט יעדער קאָן איהם הערען?...

און ווי אַזוי איז דאָס געשעהן, אַז איך האָב איהם יאָ דערזעהן און דערהערט?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַזוינע מינוטען האָט איהם אָנגעטראָפען דער בעטלער און האָט צו איהם געזאָגט:

— זיי וויסען אַז אויף דער וועלט איז פאַראַנען אַ טויבער בעטלער, וואָס איז ניט טויב. נאָר אַזוי ווי ער קען ניט פאַרטראָגען די געשרייען פון דער וועלט, פאַרשטעלט ער זיין געהער פון זיי.

וואָרים נאָר די געשרייען פון דער וועלט זענען דאָך חסרונות אַזוינע. דורכאויס חסרונות. איטליכער שרייט ווייל ער האָט

עפּעס א חסרון, ווייל עפּעס געהט איהם אָפּ, ווייל עפּעס פעהלט איהם.

און אפילו די געשרייען וואָס קומען פון די שמחות פון דער וועלט זענען דאָך ניט מעהר ווי געשרייען פון מענשען, וואָס האָבען נעקראָגען וואָס זיי האָט געפעהלט...

קאָן דערפאַר דער בעטלער די געשרייען ניט פאַרטראָגען, ווייל דאָס זענען דאָך אַלץ געשרייען פון מענשען וואָס לעבען א בייז לעבען.

א מאָל אָבער ווערען די געשרייען אין א געוויסען אָרט אזוי שטארק. אז ער מוז דערהערען. דעמאָלט מאכט ער אויף זיינע אויערען און ער דערהערט און ער קומט און ער העלפט...

האָט געטראָפען, אז ערגעץ אין א לאנד האָבען מענשען אריינ־געקראָגען זעהר פיל עשירות און זיי האָבען גענומען לעבען אין גרויס וואוילטאָג, און זיי האָבען א נאָמען געגעבען זייער לאנד — דאָס לאנד פון וואוילטאָג. און זיי האָבען זיך גענומען האלטען פאר גרויסע חכמים, און זיי האָבען גענומען גלויבען, אז זיי לעבען א גוט לעבען, און אז דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי ווייסען דעם סוד פון גוט־לעבען... און זייערע זאטע און צופריעדענע געשרייען זענען מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ העכער און גרעסער ביז דער טויבער בעטלער האָט געמוזט צועפענען זיינע אויערען און דער־הערען.

און ערגעץ איז געווען אַן אנדער לאנד, וואו עס איז יאָ באוואוסט געווען דער סוד פון גוט־לעבען, נאָר די מענשען האָבען ניט גע־וואוסט ווי איהם אָפּצוהיטען, האָבען זיי איהם ניט אָפּגעהיט, און האָבען איהם פאַרלוירען. זענען זיי דורך דעם זעהר שטארק פאַר־אומגליקט געוואָרען. און זייער אומגליק איז אַלע מאָל געוואָרען אַלץ גרעסער און שרעקליכער ביז דער טויבער בעטלער האָט אויך זייערע געשרייען געמוזט דערהערען.

האָט זיך דער בעטלער אַוועקגעלאָזט צו די צוויי לענדער און ער איז פריהער אָנגעקומען אין דעם לאַנד פון וואוילטאָג.

און אַז ער איז אָנגעקומען אין דעם לאַנד פון וואוילטאָג און האָט דערזעהן, אַז ניט נאָר באַריהמען זיי זיך מיט זייער מויל, אַז זיי ווייסען דעם סוד פון גוט לעבען, נאָר אויך מיט זייער געהן און שטעהן, האָט ער זיך צו זיי אָנגערופען:

— זעהט, איך האָב ניט אייער רייכקייט. איך בין אַ בעטלער און איך לעב נאָר אויף ברויט און וואַסער, פון דעסטוועגען זאָג איך אייך, אַז איך ווייס יאָ דעם סוד פון גוט לעבען און איהר ווייסט ניט.

זענען די מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג אויף איהם אָנגעפאַלען, ווער מיט געשרייען און ווער מיט געלעכטער.

האָט זיך דער בעטלער צו זיי אָנגערופען:

— אויב איהר גלויבט טאַקע, אַז איהר ווייסט באמת דעם וועג צו גוט לעבען, דאַרפט איהר איהם דאָך אויך קענען דערוויזען פאַר אַנדערע.

האָבען זיי איהם געענטפערט, אַז אודאי קאָנען זיי דאָס דער־וויזען פאַר אַנדערע. די אַנדערע דאַרפען נאָר האָבען עשירות.

האָט דער בעטלער צו זיי געזאָגט:

— אַ ווי באַלד אַזוי, טאָ קומט מיט מיר, ווייל איך געה איצט אין אַ לאַנד וואָס איז ניט ווייט פון אייך. די מענשען פון יענעם לאַנד זענען איצט זעהר שטאַרק פאַראומגליקט געוואָרען, אָבער ניט דורך דעם וואָס זיי האָבען פאַרלוירען זייער רייכקייט, נאָר דורך דעם וואָס זיי האָבען פאַרלוירען דעם וועג צו גוט לעבען. קומט מיט מיר אַהין צו יענע מענשען און דערווייזט זיי ווי אַזוי זיי קענען צוריק אויפזוכען דעם וועג צו גוט לעבען.

און דער בעטלער האָט צו זיי נאָך געזאָגט:

— איך זאָג אייך, קומט מיט מיר אַהין צו יענעם פאַראומגליק־

טען לאַנד, וואָרים אויב איהר וועט דאָס ניט טון, וועט מיט דער צייט זייער אומגליק אויך ווערען אייער אומגליק, וואָרים זייער לאַנד איז דאָך ניט שטארק ווייט פון אייערען און זייער אומגליק קאָן דעריבער צו אייך קומען אפילו אויף די פליגלען פון ווינט.

און אז די מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג האָבען דער־הערט אזוינע רייד האָבען זיי צועפענט מויל און אויערען.

און דער בעטלער האָט צו זיי ווייטער גערעדט און געזאָגט:

— זייט וויסען, אז דאָס גאַנצע גליק פון יענעם לאַנד איז גע־קומען פון דעם וואָס דער אמת'ער סוד פון גליק האָט זיך דאָרט געהאַט אויסגעשפּרייט אין אזא וואונדערבארען גאָרטען. דער גאָר־טען האָט געבליהט און האָט פון זיך ארויסגעגעבען פירות, וואָס האָבען געהאַט אלערליי טעמים און אלערליי ריחות וואָס האָבען גע־גלעט און געקוויקט דעם גומען. און אויך קווייטען פון אלערליי געשטאַלטען און פארבען, אז עס איז געווען וואויל דעם אויג וואָס האָט זיי געזעהן.

און א זעהר געטרייער גערטנער איז געווען איבער דעם גאָר־טען און ער האָט דעם גאָרטען זעהר אָפּגעהיט, וואָרים ער האָט געוואוסט, אז דאָס גאַנצע גליק פון דעם לאַנד שפּראָצט דאָך ארויס פון דעם דאָזיגען גאָרטען.

איז אָבער אויף דעם לאַנד אָנגעקומען א אומדערבארעמדיגער קיסר. און ווי נאָר דער קיסר האָט זיך דערנעהענטערט צו די טויערען פון דעם לאַנד, אזוי איז דער גערטנער פארפאַלען געוואָ־רען... און אז דער גאָרטען האָט פארלוירען זיין געטרייען גערט־נער, האָט ער גענומען דארבען. די מענשען וואָלטען אָבער נאָך לאַנג געקענט לעבען א גוט לעבען פון דעם אָפּפאַל און פון דער ווידערוואַקסונג, וואָס געהט אין א גאָרטען אויף פון זיך אליין. איז אָבער דער אומדערבארעמדיגער קיסר דורכגעגאַנגען דאָס לאַנד און האָט דאָרט איבערגעלאָזט דריי כתות פון זיינע קנעכט, און האָט

זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען מוֹן וואָס ער וועט זיי הייסען. האָבען זיי אַזוי געטון. און דורך די דאָזיגע טואונגען איז געשעהן, אַז די מענשען פון יענעם גליקליכען לאַנד האָבען אינגאַנצען פאַר־לוירען דעם וועג צו גוט לעבען.

האָבען זיך אויפגעהויבען אַ סך מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג און האָבען זיך געלאָזט מיט׳ן בעטלער צו יענעם לאַנד. ווי נאָר אָבער זיי האָבען זיך גענומען דערנעהענטערען צו דער אומ־גליקליכער מדינה, האָט ביי זיי אָנגעהויבען קאַליע ווערען דער טעם און דער ריח און די ריאה. און זיי האָבען גאָר ניט געקאָנט נעמען אין מויל אריין, ווייל פון אַלע זייערע מאכלים האָט צו זיי גענומען טראָגען אַ שלעכטער ריח. אַ ריח פון וועלכען עס האָט גענומען קערען די גאַל.

האָבען זיי גענומען שרייען צום טויבען בעטלער, האָט ער צו זיי געזאָגט:

איצט זעהט, אַז איהר זענט נאָך אַזוי ווייט פון יענעם אומ־גליקליכען לאַנד, האָט אייך שוין דערגרייכט זייער שלעכטס און איהר קאָנט זיך שוין ניט העלפען. היינט ווי אַזוי וועט איהר גאָר קאָנען קומען אַהין? און אויב איהר קאָנט זיך ניט העלפען, טאָ ווי אַזוי וועט איהר זיי קאָנען העלפען? ...

און דער בעטלער האָט זיי נאָכדעם געגעבען פון זיין ברויט און וואַסער, האָבען זיי גענעסען און האָבען זיך מחיה געווען, וואָרים אין זיין ברויט און וואַסער האָבען זיי דערפיהלט אַלע טעמים און ריחות, און עס איז ביי זיי פאַריכט געוואָרען אַלץ וואָס איז ביי זיי פריהער קאַליע געוואָרען.

נאָכדעם האָט זיי דער בעטלער מיטגענומען אַהין אין יענעם לאַנד. האָבען זיי דערזעהן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז פול מיט וועה און שרעק, ווייל אַלע מענשען פון דעם לאַנד ליידען פון אַ

שרעקליכער פינסטערניש אין די אויגען און פון אַ שלעכטען טעם, און פון שלעכטען ריח.

און די מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג האָבען דערזעהן, אַז זיי קאָנען ניט העלפען די מענשען פון דעם פאַראומגליקטען לאַנד, אַז זיי קאָנען פאַר זיי ניט דערווייזען דעם וועג צו גוט לעבען.

דער בעטלער אָבער האָט גלייך ביי זיין אַריינגאַנג דערזעהן, אַז איינע פון די דריי כתות וואָס דער אומדערבאַרעמדיגער קיסר האָט דאָרט איבערגעלאָזט, האָבען אויף אַן אומדערבאַרעמדיגען אופן געהאַלטען אין פאַרשפּרייטען די מאָדע פון חנופה און שקר און שוחד. — און דאָס איז דאָך אַלץ איין זאַך, וואָרים חנופה איז דאָך אויך אַזאַ שקר ווי שוחד. און דאָס פאַרבלענדט דאָך. עס מאַכט בלינד, אויף דעם איז דאָך טאַקע געזאָגט געוואָרען „השוחד יעור". האָט ער גלייך פאַרשטאַנען אַז פון דעם קומט דאָס אָט די שרעקליכע פינסטערניש אין זייערע אויגען... און די צווייטע פון די דריי כתות, האָט אויף אַן אומדערבאַרעמדיגען אופן פאַנאַנדער־געשפּרייט איבערן לאַנד די נעץ פון זנות און די מענשען פון דעם לאַנד זענען דורך דעם אַזוי טיף געזונקען אין זנות ביז עס איז ביי זיי קאַליע געוואָרען דער חוש הריח. און די דריטע כתה האָט אויף אַן אומדערבאַרעמדיגען אופן אַריינגעבראַכט די מאָדע פון ניבול פה, און די מיילער זענען איבער דעם ביי די מענשען געוואָרען אַזוי מיאוס, אַז דער טעם איז ביי זיי קאַליע געוואָרען און אין אַלץ וואָס זיי האָבען גענומען אין מויל אַריין האָבען זיי געפיהלט דעם טעם פון נבלה...

און אַז דער בעטלער האָט דאָס דערקלעהרט פאַר די פאַרבי־טערטע מענשען פון דעם פאַראומגליקטען לאַנד, האָבען זיי גלייך אויפגעזוכט די אַלע קנעכט פון אומדערבאַרעמדיגען קיסר און האָ־בען זיי פאַרטריבען פון זייער לאַנד. און ווי נאָר זיי האָבען אַזוי געטון, אַזוי איז גלייך געוואָרען אַ רעש;

— דער גערטנער קומט ! דער גערטנער קומט !

און דער גערטנער איז טאַקע געקומען. ער האָט זיך אָפּגעזוכט און ער האָט זיך צוריק גענומען פילנעווען דעם גאָרטען, און דער גאָרטען האָט צוריק גענומען ארויסגעבען זיינע וואונדערבארע פירות, און זיינע שעהנע קווייטען, וואָס עס איז וואויל דעם אויג וואָס טוט זיי זעהן.

און די מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג האָבען דאָס אַלץ געזעהן, און זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז דער וועג צו גוט לעבען איז אַ גרויסער און וויכטיגער סוד, און אַז זיי האָבען פון דעם סוד ניט געוואוסט, נאָר דער בעטלער, וואָרים דער סוד פון גוט לעבען איז אין דעם בעטלער, איז אין מיר... וואָרים איך בין דאָס דער טויבער בעטלער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווי נאָר דער בעטלער האָט דאָס אָפּגעזאָגט, איז ער ניט געוואָרען. און דער יונגער מלך איז געבליבען איינער אליין אין דעם גרויסען וואלד, אָהן עמיצען וועמען ער זאָל קענען עפּעס פרעגען, אָדער זאָגען. און ער האָט דערהערט דאָס קלאָגען פון זיין איינען הארץ :

„וועה צו דעם וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און קאָן זיינע נעצען ניט צורייסען.

„וועה צו דעם רייכען און קלוגען, צו וועמען דער בעטלער קאָן זאָגען : דו ביזט ניט רייך און ניט קלוג.

„וועה צו די, וואָס זייער נאַרעשער שכל איז געגליכען צו די מענשען פון דעם לאַנד פון וואוילטאָג און זייערע הערצער — צו די מענשען פון דעם פאַראומגליקטען לאַנד.

„וועה צו די, וואָס שרייען, אַז זיי ווייסען דעם סוד פון לעבען און דאָס ווערט געהערט פון זייערע אויערען אָבער ניט פון זייערע הערצער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ח.

און ווען דער יונגער מלך האָט ווידער אָנגעטראָפען דעם בעט־לער, האָט ער ביי איהם געפרעגט:

— בעטלער, איז דען מעגליך, אז דאָס הארץ און דער שכל פון איין מענשען זאָלען זיין ווי צוויי באַזונדערע לענדער?...

— יאָ, א סך אוממעגליכע זאכען זענען מעגליך — האָט איהם דער בעטלער געענטפערט.

— און ווי ווייט איז דיין אייגענער שכל פון דיין אייגען הארץ? — האָט איהם דער יונגער מלך דריסט געפרעגט.

— ווי א געטרייער גערטנער פון זיין גאָרטען — האָט איהם דער בעטלער געענטפערט...

און ווען איך האָב מיר אויסגעקליבען דאָס הימלישע רייך האָב איך דאָס דען ניט געטהון ווי א געטרייער גערטנער?

יונגלינג, — דיין הארץ איז אודאי א לעבעדיגער גאָרטען, און דיין שכל האָט אודאי געארבייט שעהן און פלייסיג. אָבער איך האָב ניט נאָר דיך געזעהן, — איך האָב אויך געזעהן א מאַמע וואָס האָט איהר שרייענדיגען קינד ניט געקאָנט געבען איהר אייגענע ברוסט צום זויגען, האָט זי איינגעוויקעלט א שטיקעל צוקער אין א שמאַטקע און דאָס דעם הונגעריגען קינד אנשטאָט איהר ברוסט געגעבען...

דער יונגער מלך האָט דערביי אויפגעציטערט און געזאָגט:

און דיין לעהרע איז ווי א מאַמע וואָס דאַרף דעם הונגעריגען קינד ניט לייגען קיין צוקער אין מויל ?!

יאָ, מיין לעהרע קאָן צו יעדער צייט זעטיגען מיט איהר איי־גענער ברוסט, מיט איהר אייגענער מילך, ווייל מיין לעהרע — דאָס איז די ערד, דאָס איז די וועלט, דאָס איז דאָס ליכט פון דער וועלט, דאָס איז די מעשה פון דער וועלט, דאָס איז דאָס לאַנד פון אַלע לענדער.

— בעטלער! — האָט דער יונגער מלך אויסגעשריען, — מיין האַרץ רעגט זיך און ציטערט צו שטאַרק ביי דיינע רייד...

— אך דו יונגער יונגלינג! — האָט זיך דער בעטלער אָנגע־רופען, — ווייס אז אַלץ וואָס האָט א שייכות צו דער מעשה פון דער וועלט האָט א האַרץ און די גאַנצע וועלט האָט אויך א האַרץ. וואָס ציטערט שטאַרק און רעגט זיך... נאָר דאָס האַרץ פון דער וועלט איז א געשטאַלט פאַר זיך, מיט א פנים און מיט הענט און מיט פיס. נישט מעהר — דער נאָגעל פון דעם פוס פון דעם האַרץ פון דער וועלט איז האַרציגער איידער אַן אַנדערענס האַרץ...

און אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער איז פאַראַן א בארג, און אויף דעם בארג איז פאַראַן א שטיין און פון דעם שטיין שלאָגט א קוואַל. — דאָס איז דער קוואַל פון דער וועלט.

און דאָס האַרץ פון דער וועלט שטעהט אויף איין עק וועלט, און דער בארג מיט דעם קוואַל שטעהט אויף דעם אַנדערען עק וועלט. און דאָס האַרץ פון דער וועלט קוקט אַריבער צום קוואַל פון דער וועלט און דער קוואַל פון דער וועלט קוקט אַריבער צום האַרץ פון דער וועלט.

דאָס האַרץ בענקט און גלוסט, אַז עס זאָל קומען צום קוואַל און עס שרייט פון גרויס בענקען. און דער קוואַל שרייט אויך, וואָרים ער גלוסט צו דעם האַרץ.

און דאָס הארץ ווערט נאָך דערביי געפּייניגט פון צוויי פּיי־נען:

איין פּיין איז די זון, וואָס יאָגט און ברענט דאָס הארץ דער־פאַר, וואָס עס וויל קומען צו דעם קוואַל...

און דער אַנדערער גרויסער פּיין איז דאָס שטענדיגע בייַנקען און דאָס שטענדיגע גלוסטען...

נאָר אַז דאָס הארץ באַדאַרף זיך אביסעל אָפּרוהען, קומט א גרויסער פויגעל און שפּרייט איבער דעם הארץ פאַנאַנדער זיינע פליגלען און פאַרשטעלט פון דעם די זון. דעמאָלט רוהט זיך דאָס הארץ אביסעל אָפּ פון דער היץ פון דער זון, אָבער פון בייַנקען און גלוסטען האָט דאָס הארץ פון דער וועלט אפילו דעמאָלט אויך קיין רוה ניט, וואָרים עס הערט אפילו דעמאָלט אויך ניט אויף צו קוקען צו דעם קוואַל פון דער וועלט.

דאָס הארץ פון דער וועלט רייסט און ציהט זיך צו דעם קוואַל פון אייביג אָן. אָבער אַזוי לאַנג ווי דאָס הארץ שטעהט פון דערווייטענס פון דעם באַרג זעהט דאָס דעם קוואַל וואָס שלאָגט פון דעם שטיין, וואָס אויף דעם שפּיץ באַרג. ווי נאָר אָבער דאָס הארץ פון דער וועלט הויבט זיך אָן דערנעהענטערען צום באַרג, הערט דאָס אויף צו קאָנען זעהן דעם שפּיץ פון דעם באַרג. און אַז עס קאָן מעהר ניט זעהן דעם שפּיץ פון דעם באַרג, קאָן דאָך דאָס שוין ממילא אויך מעהר ניט זעהן דעם קוואַל פון דער וועלט, וואָס שלאָגט פון דעם שטיין, וואָס געפינט זיך אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון דעם באַרג.

און אַז דאָס הארץ פון דער וועלט זאָל אויפהערען זעהן דעם קוואַל פון דער וועלט, וואָלט דאָס חלילה אויסגעגאַנגען.

און ווען דאָס הארץ פון דער וועלט זאָל חלילה אויסגעהן, וואָלט דורך דעם די גאַנצע וועלט חרוב געוואָרען.

וואָרים דאָס הארץ איז דאָך דאָס חיות פון א יעדער זאַך אין דער וועלט.

און דער קוואַל פון דער וועלט האָט גאָר קיין שום צייט ניט. ער לויפט אָהן אַן אָפּהאַלט. ער געפינט זיך ערגעץ אין דעם לאַנד, וואָס איז כולל אַלע לענדער, נאָר ער האָט פאַר זיך ניט קיין טאָג און קיין צייט אין דער וועלט, וואָרים ער איז גאָר העכער פון דער צייט פון דער וועלט. ער שטעהט איבער דער צייט.

און כדי דער קוואַל פון דער וועלט זאָל פאַרט האָבען א וועל־כע ניט איז צייט אויף צו שטעהן אנטקעגען דעם הארץ פון דער וועלט, איז פאַראַן א מאַן אויף דער וועלט, וואָס זיינע שלוחים געהען אוים די וועלט פון עק צו עק און נעמען צונויף די טואונגען פון די מענשען און ברייננגען זיי צו איהם, און ער מאַכט פון זיי אַלע מאָל א נייעם טאָג. און שענקט אוועק דעם טאָג צום האַרץ פון דער וועלט, און דאָס האַרץ פון דער וועלט שענקט דעם טאָג צום קוואַל. און דאָס איז די איינציגע צייט וואָס דער קוואַל פאַר־מאָגט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די טואונגען פון די מענשען פון וועלכע מען קאָן מאַכען צייט פאַר דעם קוואַל פון דער וועלט — קומען ניט פון גאָלד און זילבער, ניט פון שטאָל און אייזען, ניט פון ביקסען און האַרמאַטען, נאָר פון די מענשליכע חסדים. וואָרים נאָר די מענשליכע חסדים מאַ־כען דעם עיקר צייט אין דער וועלט, און זיי זיינען אויף די איינציגע מענשליכע טואונגען וואָס קאָנען גרייכען זעהר הויך.

אין ווען צו דעם מאַן וואָס מאַכט די צייט פון דער וועלט, ווערען געבראַכט אַלע טואונגען פון דער וועלט, קלייבט ער דעריבער נאָר אויס די חסדים פון דער וועלט, און די אַלע אנדערע מענשליכע טואונגען לאָזט ער איבער ווי הייפענס מיסט.

און דער מאַן וואָס מאַכט די צייט פון דער וועלט, איז דער אמת'ער בעל חסד פון דער וועלט, וואָרים ער זאָרגט זיך דאָך שטענדיג פאַר דעם האַרץ פון דער וועלט.

און ווען דעם אמת'ען בעל חחסד וואָלטען חלילה אויסגעפעהלט חסדים אויף צו מאַכען א נייעם טאָג פאַר יערען מאָרגען, וואָלט דאָך דער קוואַל פון דער וועלט אָפּגעריסען געוואָרען פון דעם הארץ פון דער וועלט.

איז דערפאַר אַלע מאָל ווען דער טאָג הויבט אָן געהן צו זיין סוף, הויבען זיך דאָס הארץ פון דער וועלט און דער קוואַל פון דער וועלט אָן זעגענען איינס מיט'ן צווייטען מיט גרוים ליבשאַפט און בענקשאַפט.

און זיי הויבען אָן זאָגען אזוינע חידות און געזאַנגען, וואָס פילען אָן די וועלט מיט זייער ציטער און מיט זייער אנגסט. ווייל זיי זענען קיינמאָל ניט זיכער מיט'ן מאָרגענדיגען טאָג און זייער ליעבע איז דאָך אזוי גרוים.

און ווי נאָר דער בעל חסד דערהערט אז דער טאָג הויבט שוין טאַקע אָן קומען צו זיין סוף, קומט ער צוגעהן און שענקט דעם הארץ א נייעם טאָג וואָס איז געמאַכט פון לויטער חסדים און דאָס הארץ שענקט דעם דאָזיגען טאָג גלייך אוועק צום קוואַל און אזוי הויבט זיך ביי זיי ווידער אָן א נייער טאָג, מיט א ניי לעבען, מיט א נייער פרייד און מיט נייע חידות און געזאַנגען.

און עס זענען דאָך פאַראַן אַלערליי טעג אויף דער וועלט. — עס זענען פאַראַן וואָכעדיגע טעג און שבת'דיגע. ראש־חודש'דיגע טעג און יום טוב'דיגע, — איז ווערליג די טעג, אזוינע געזאַנגען זינגען זיי. און אזוי פילען זיי אָן די וועלט...

און איך בין דאָס דער, צו וועמען עס ווערען געבראַכט די אַלע מענשליכע טואונגען פון וועלכע איך קלייב אויס די חסדים און מאַך פון זיי די צייט, און מאַך פון זיי די טעג פאַר דעם הארץ און דעם קוואַל פון דער וועלט, ווייל איך בין דאָס דער אמת'ער בעל חסד.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען דער יונגער מלך האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן, אז קיינער איז שוין נעבען איהם ניטאָ, האָט ער זיך אויפגעהויבען אויף זיין קעניגליכען ווייסען פערד.

דאָס פערד האָט גענומען טראָגען איהם מיט זיינע געדאנקען דורכ'ן גרויסען אלטען וואלד ווי ס'טראָגט אַן אָדלער זיינע קינדער. און דער יונגער מלך האָט געטראַכט:

— ווי עס טראָגט מיין קעניגליכער ווייסער פערד מיך דורך נאַכט און וואלד, אזוי טראָגט דאָס לעבען מיך איצט דורך א וועלט וואָס איז פול מיט סודות און מיט וואונדער...

אזוי טראָגט געוויס דאָס לעבען יעדען לעבעדיגען מענשען. נאָר ניט יעדער מענש ווייסט דאָס און פארשטעהט.

ניט יעדערער וואָס האָט אויגען זעהט.

ווי ברייט און גרויס עס האָט פאַר מיינע אויגען גענומען ווערען אָט די וועלט!

און פאַר דער הימלישער וועלט וועט שוין באלד אין מיר קיין פלאַץ ניט בלייבען.

און דאָס איז אַלץ אָט איבער דעם בעטלער.

ווי א שפין האָט ער זיך ארויפגעוואָרפען אויף מיר.

ווי א שפין האָט ער מיך איינגעוועבט אין זיין נעץ.

ווי א שפין האָט ער שוין פון מיר באלד אויסגעזויגען אַלע מיינע יונגע בלוטיגע חלומות וועגען הימעל.

און פאַר וואָס קומט קיינער ניט פון דאָרטען צו קריעגען זיך מיין קריעג?...

און אפשר געשעהט דאָס מיט מיר אַלץ אזוי ווייל עס דערנעהענטערען זיך שוין די לעצטע טעג איצט פון מיין לעבען?

די לעצטע טעג!

און וואָס וועט נאָכדעם זיין?

נאָכדעם, נאָך דעם לעצטען טאָג?..

און דער יונגער מלך שמייכעלט זיך בייז און שטיל פאַנאַנדער און ער זאָגט:

און ווען דער בעטלער, דער בעל חסד, וועט דערזעהן, אַז מיין לעצטער טאָג קומט שוין צו זיין סוף, וועט ער קומען און וועט מיר ברייננגען אַ נייעם טאָג, אַ נייעם לעבען?!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ט.

און ווען דער יונגער מלך האָט ווידער אָנגעטראָפען דעם בעטלער האָט ער זיך צו איהם געווענדט און געזאָגט:

— בעטלער, פון אייביג אָן ביינקט דאָך דער מענש צים הימעל

— ניט פון אייביג — האָט איהם דער בעטלער געענטפערט, — נאָר פון זינט עס איז געקומען די לעהרע, וואָס איז געגליכען צו דער פרוי וואָס האָט ניט קיין אייגענע מילך אין איהרע בריסט. איינער וואָס קוקט שטענדיג ארויף איז געגליכען צו א בלינדען. ער קאָן לייכט געשטרויכעלט ווערען און פאַלען. א מענש דאַרף פריי־הער פון אַלץ קוקען פאַר זיך. אין דער ווייט און אין דער ברייט.

— בעטלער, — האָט זיך ווידער אָנגערופען דער יונגער מלך, — דער מענש ביינקט דאָך אָבער נאָך רוה און פריעדען, און דאָס הימלישע רייך בריינגט דאָך פריעדען אויף דער ערד.

— הער אויס, די יונגלינג, — האָט איהם דער בעטלער דערויף געענטפערט: איך האָב א מאָל באגעגענט א בלאסען מאַן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטען א ווייסע טויב און אין דער צווייטער א פארבלוטיגטע שווערד. ער האָט ביי מיר געפרעגט: זעה. שוין טויזענדיגע יאָהרען ווי איך טראָג מיט זיך די טויב פון פריעדען. פאַר וואָס זשע איז די בלוטענדיגע שווערד ווי צוגעוואַקסען צו מיין האַנט?... און איך האָב איהם געענטפערט: ווייל דיין פריעדען קומט פון א צוגעטראַכטען לאַנד, און ניט פון דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער.

ביי די לעצטע ווערטער האָט דער יונגער מלך דערפיהלט יוי אויפצושרייען פון כעס און וועה, נאָר ער האָט זיך געשטארקט און האָט הארט און בייז אראָפּגעלאָזען זיינע בליקען צו דער ערד אין איז פאר לאנג געוועזען שטיל. נאָכדעם האָט ער ווידער געעפענט זיין מויל און געזאָגט:

— ווי עס בּיינקט דער מיעדער וואנדערער נאָך א דאך איבער זיין קאָפּ, אזוי בּיינקט די נשמה פון דעם מענשען נאָכ'ן הימעל. דער הימעל איז דער דאך פון דער וועלט.

דערויף האָט איהם דער בעטלער געענטפערט און געזאָגט:

— פאראן וואנדערער וואָס בּיינקען ניט נאָך קיין דאך איבער זייערע קעפּ, נאָר נאָך עפּעס אנדערש... און וואָס איז דען א בּיינ־קען וואָס האָט א ברעג? — פון אזא בּיינקען ווערט מען גיך צו־פריעדען, זאט און נארעש... — דאָס איז א וואסער אין וועלכען עס קאָנען קיין גרויסע פיש ניט וואקסען...

אָט, הער:

אמאָל בין איך געקומען אין דעם לאנד פון שפּיעלען און זינ־גען. און דער קלענסטער שפּיעלער און זינגער פון יענעם לאנד איז דאך גרעסער פון דעם גרעסטען שפּיעלער אָדער זינגער אין ערגעץ אן אנדער לאנד. און די גרעסטע פון זיי האָבען דאך שוין צו זיך געווים קיין גלייכען ניט. נאָר אזוי ווי אָבער זיי האָבען גע־נומען טראכטען, אז זיי האָבען שוין דערגרונטעוועט דעם סוף פון דער חכמה פון שפּיעלען און זינגען, האָט דעריבער זייער חכמה שוין ניט געקאָנט שטייגען. און אז א חכמה שטייגט ניט — פאלט זי... און אז איך בין אהין אנגעקומען און האָב דערזעהן, אז זיי האַלטען זיך זעהר גרויס מיט זייער בריה'שקייט אין הלכות שפּיעלען און זינגען, האָב איך זיך צו זיי אָנגערופען און האָב צו זיי געזאָגט:

אמת, איהר זענט טאקע גרויסע בריות אין דער חכמה פון שפּיעלען און זינגען, און די חכמה אליין איז אודאי זעהר א גרויסע

און אַ טיעפע, אָבער איהר דאַרפט זיך ניט אַזוי שטאַרק איבער־נעמען. איהר טאָרט ניט מיינען אַז איהר האָט שוין דערגרונטעוועט די חכמה ביז'ן סוף, ווייל מיט דעם שאָדט איהר אייער אייגענער גרויסקייט. אַ מענש דאַרף שטענדיג געדיינקען אַז עס זענען גאָר ניטאָ קיין גרענעצען צו דער מענשליכער גרויסקייט. און דער גרעסטער פון אייך מעג וויסען, אַז אויב עס איז נאָך ביז איצט ניטאָ קיין גרעסערער פון איהם קאָן דאָך אַזוינער מאָרגען געבוירען ווערען, און אויב ער ווייסט דאָס ניט, איז ער ניט קיין גרויסער און ניט קיין חכם.

און אַז איך האָב דערזעהן, אַז די דאָזיגע רייד מיינע העלפען זיי ניט, ווייל זיי זענען זעהר שטאַרק איינגעגלויבט אין זייער גרויס־קייט, האָב איך זיך צו זיי אָנגערופען און האָב צו זיי געזאָגט:

אינגאַנצען אייער חכמה קומט פון דעם ביינקען, וואָס שפּרייט זיך איבער דער וועלט. קאָנט איהר דאָך דערפאַר געוויס ניט זיין גרעסער פון דעם ביינקען און אפילו ניט אַזוי גרויס ווי דאָס ביינקען פון דער וועלט, ווי אַ פיש קאָן ניט זיין גרעסער פון דעם וואַסער אין וועלכען זי איז געבוירען און ווי אַ פויגעל קאָן ניט זיין גרעסער פון דעם הימעל איבער וועלכען ער פליהט. אָבער אַזוי ווי טרויער קומט דאָך אויך אַרויס פון דעם ביינקען, וואָלט איהר דאָך מיט אייער זינגען און שפּיעלען זיך געדאַרפט קענען פאַרגלייכען מיט'ן טרויער!

האָבען זיי זיך צו מיר אָנגערופען און האָבען געזאָגט, אַז ניט נאָר קאָנען זיי זיך פאַרגלייכען מיט'ן טרויער, נאָר זיי קאָנען איהם אויך בייקומען.

האָב איך זיך צו זיי אָנגערופען:

אויב אַזוי, טאָ קומט און העלפט די צוויי מדינות פון טרויער. וואָרים אויף דער וועלט זענען פאַראַן צוויי מדינות, וואָס כאָטש זיי זענען טויזענדער מיילען ווייט איינע פון דער אַנדערער, איז ווי

נאָר עס קומט די נאַכט, אַזוי ברעכט אין יעדער פון די צוויי מדינות מיט אַ מאָל אויס אַ זעהר גרויס געוויין און קיינער קאָן דאָרט ניט צוריקהאַלטען זיין געוויין. — עס וויינען זיך דאָרט אָהן אָפּהאַלט פאַנאַנדער מענער און פרויען און קינדער און אַפילו די ערד און די שטיינער נעהמען דאָרטען וויינען און עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל זיי קאָנען העלפען.

האָבען זיי זיך אָנגערופען צו מיר און האָבען געזאָגט:

אויב דו וועסט אונז ברייננגען אַהינצו, וועלען מיר זיי געוויס העלפען.

האָב איך זיי מיט־גענומען מיט זיך. אָבער ווי נאָר איך האָב זיי געבראַכט נאָהענט צו יענע צוויי מדינות, און ווי נאָר דער אָוועגד איז צוגעפאַלען, אַזוי האָט זיך דערהערט דאָס גרויסע געוויין און די גרויסע חכמים פון דעם לאַנד פון שפּיעלען און זינגען, וואָס האָבען אַזוי שטאַרק געגלויבט אין זייערע כוחות, האָבען זיך בשום אופן ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען גאָר אַליין אויסגעבראָכען אין אַ ביטער געוויין.

פרעג איך ביי זיי:

— טאָ וואָס ווי־נט איהר ? !...

האָבען זיי זיך דערפיהלט ווי הילפלאָזע קינדער און זיי האָבען צו מיר גענומען רעדען און געזאָגט:

מיר וויינען איבער דעם גרויסען טרויער וואָס האָט גענומען שווימען צו אונז. עס זעהט אויס, אַז מיר וועלען דאָס ניט קאָנען דערטראָגען...

נאָר ווען איך האָב זיי דערמאָנט אָן זייערע גרויסע כוחות, און אין דעם, אַז זיי האָבען זיך דאָך אונטערגענומען צו העלפען די דאָזיגע צוויי לענדער, האָבען זיי זיך גענומען צו ראַנגלען און בריה׳ן און זיי זענען מיט מיר אָפּגעגאַנגען נאָך אַ ביסעל, ביז זיי זענען מיט אַ מאָל געבליבען שטעהן און האָבען וויינענדיג אויסגעשריען:

— ניין, מיר קאָנען מיט דיר ווייטער ניט געהן. אונזערע כוחות זענען ניט שטאַרק גענוג אויף צו פאַרטראָגען א טרויער וואָס איז אַזוי גרויס ווי דער דאָזיגער. זאָג אונז כאָטש, אויב דו ווייסט, פון וואָס נעמט זיך אָט דאָס גרויסע קלאָגען?

האָב איך צו זיי געזאָגט:

— אודאי ווייס איך פון וואַנען עס נעמט זיך אָט דאָס גרויסע קלאָגען. וואָרים אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענ־דער זענען פאַראַנען צוויי פייגעל. איינער איז אַן ער און דער אַנ־דערער — א זי. און די פויגעל זענען נאָר איינאיינציגע פאָר אויף דער גאַנצער וועלט. האָט געטראָפען, אַז די ז י איז פאַרפאַלען געוואָרען, האָט זיך דער ע ר זי געלאָזט זוכען, האָבען זיי זיך אַזוי לאַנג אַרומגעזוכט ביז זיי זענען נאָך ווייטער פאַרטראָגען גע־וואָרען איינס פון דאָס אַנדערע, און אַזוי לאַנג ביז זיי האָבען דער־זעהן אַז זיי וועלען זיך שוין קיינמאָל ניט געפינען... זענען זיי געבליבען שטעהן און האָבען זיך געמאַכט נעסטען נעבען צוויי פאַרשיעדענע מדינות. די צוויי מדינות זענען אודאי זעהר ווייט איינס פון ס'אַנדערע, נאָר ווערליק די קולות פון די דאָזיגע פייגעל, און ווערליק זייער גרויסען בייגקען זעהט דאָס אויס ניט ווייט. און אַז עס קומט די נאַכט, אַזוי הויבען די ביידע פייגעל אויף זייער קול און נעמען קלאָגען. ער קלאָגט אויף איהר ווייל ער ווייסט ניט וואוהין זי איז אַהינגעקומען און וואָס מיט איהר איז געוואָרען; און זי קלאָגט, ווייל זי בייגקט נאָך איהם און ווייל עס איז איהר שווער צו זיין אָהן איהם. און ווי זיי זינגען זיך אַזוי פאַנאַנדער, אַזוי נעמט זיך איבער דער וועלט שפּרייטען א גרויסער אומעט און א גרויסער בייגקען און אין די צוויי מדינות וואָס זענען נעבען זייערע נעסטען, ווערט דער אומעט אַזוי גרויס, אַז אַלע, סיי יונג און סיי אַלט וויינען זיך פאַנאַנדער מיט אַזוינע ביטערע קולות, אַז כאָטש איהר זענט נאָך זעהר ווייט פון יענע מדינות האָט דאָס אייך שוין

אזוי שטארק געטראָפּען. און ביי טאָג קאָן מען דאָרט די שמחה ניט אויסשטעהן. ווארים ביי טאָג קומען זיך דאָרט צונויף די פויגלען צו איהם און צו איהר און זיי טרייסטען זיי און רעדען זיי אוים דאָס הארץ און די צוויי פויגעל הויבען אָן גלויבען אז זיי וועלען זיך נאָך ווידער אויפזוכען. הויבען זיי אָן זינגען מיט גרוים פרייד און מיט גרוים האָפען, ניט מעהר די פרייד איז ניט אזוי טיף און הערט זיך ניט אזוי ווייט ווי דער אומעט...

און ווען די מענשען פון דעם לאַנד פון שפּיעלען און זינגען האָבען אויסגעהערט די דאָזיגע מעשה, האָבען זיי ביי מיר געפרעגט און האָבען געזאָגט:

— מיר זעהען שוין איין אז אונזערע כוחות זענען קארג כדי זיי צו העלפען, אָבער צי איז דען פאר זיי גאָר קיין הילף און קיין העלפער ניט פאראַנען?

האָב איך צו זיי געזאָגט:

— עס איז פאר זיי אודאי יאָ דאָ א הילף און א העלפער, ווייל אלע וואָס האָפען אויף הילף מוזען דאָך א מאָל געהאָלפען ווערען.

האָבען זיי ביי מיר געפרעגט:

— וואָס איז די הילף און ווער איז דער העלפער?

האָב איך זיך צו זיי אָנגערופען און האָב זיי געזאָגט:

די הילף איז טאַקע אין אייער חכמה, נאָר דער העלפער בין איך... ווארים איך קאָן נאָכמאַכען אלע קולות פון דער וועלט און איך קאָן אויך וואַרפען קולות אזוי הויך און אזוי ווייט ווי איך וויל. און איך קאָן אויך מאַכען, אז דאָ ווי איך שטעה זאָל מען מיין קול ניט הערען, נאָר דאָרט ווייט אהין, וואו איך וואַרף דאָס קול, זאָל מען דאָס יאָ הערען. דעריבער קאָן איך וואַרפען זיין קול צו איהר און איהר קול צו איהם. און איך וועל זיי צונויפיהרען ווען עס וועט קומען די צייט.

האָבען זיי זיך צו מיר געווענדט און האָבען געזאָגט:

— ווי אַזוי קאָנען מיר דיר דאָס גלויבען ? דו זעהסט דאָך אוים ווי אַ בעטלער און האָסט ניט מעהר ווי אַ שטעקען אין דער האַנט און אַ טאָרבע אויף דיינע אַקסלען.

האָב איך גענומען און האָב זיי פאַרפיהרט אין אַ גרויסען וואַלד, און זיי האָבען דערהערט, ווי ניט ווייט פון זיי עפּענט עמיצער אויף אַ טיר און פאַרמאַכט זי אַזוי, אַז עס דערהערט זיך דער קלאַפּ פון דער קליאַמקע, און ער שטעלט זיך נאָכדעם אַוועק און צילט זיך און שיסט אויס פון זיין ביקס. און דער שאָס טרעפט ערגעץ זעהר ווייט, און ער שיקט גלייך נאָכדעם זיין שנעלען הונט, ער זאָל אויפהויבען דאָס געשאָסענע. און זיי האָבען אפילו גע־הערט ווי דער הונט לויפט און ווי ער גנאָרזניט איבער דעם שניי... אָבער אין דער אמת'ן איז גאָר קיין וואַלד ניט געווען, און עס איז קיין שניי ניט געווען, און עס איז קיין הייזעל ניט געווען, און עס איז ניט געווען קיין הונט און ניט קיין יעגער, נאָר דאָס האָב איך פאַר זיי אַלץ געמאַכט דורך דער חכמה פון שפּיעלען און זינ־גען, וואָרים די חכמה איז צו מיר און זי איז מיינע.

מעהר האָט דער בעטלער ניט דערצעהלט, און איז ניט גע־וואָרען.

און דער יונגער מלך האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן, אַז ער איז אין דעם ווילדען וואַלד אַליין. און ער האָט דערפיהלט ווי אַ שווערער בייַנקען איז אָנגעפאַלען אויף איהם און האָט גע־נומען רייסען זיין אָנגעוועהטאָגדיגע האַרץ. און ער האָט געפרעגט:

— ווער זאָל טרייסטען אין אַזוינע מינוטען ?...

די הימלישע וועלט ?

און ווי אַז זי האָט גאָר קיין מאָל אויף דער אמת'ן ניט גע־טרייסט ?

זיך ווענדען צו די חכמים, וואָס רינגלען דיך אַרום ?

און ווי, אַז די חכמים האָבען מיך שוין לאַנג אויפגעהערט צו פאַרשטעהן ?...

און דיין אייגענער פאָטער האָט דיך פאַרלאָזען, האָט דיר אי־בערגעלאָזט זיין פוסטע הויז, וואָס קוקט אויף דיר מיט שווארצע פענסטער דורך די נעכט...

וואָלט זיך כאָטש דאָ אין דעם וואַלד איצט ערגעץ אויפגע־זוכט א פאַסטוך, וואָס זאָל אויפשפּיעלען אויף זיין פייפעל!

צי וואָלט כאָטש אויפגעשריען א הונגעריגער לייב.

און ווען דער יונגער מלך האָט זיך נאָכדעם אויפגעזעצט אויף זיין קעניגליכען ווייסען פערד, איז איהם פּלוצלינג איינגעפאַלען:

און ווי, אז אָט דער וואַלד, מיט אלץ וואָס קומט אין איהם דאָ פאָר מיט מיר, איז גאָר א ליעד אזא, איז גאָר דעם בעטלער'ס חכמה פון שפּיעלען און זינגען ?!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

י.

דאָס פאָלק האָט שוין דעם אַלטען מלך כמעט ווי ניט גע־
דיינקט. און ווען עמיצער זאָל אפילו געוועזן ארויס און זאָגען:

— זעהט, דער אַלטער מלך איז שוין מעהר ניטאָ מיט אונז
דער אַלטער מלך האָט שוין לאַנג זיין לאַנד פארלאָזען! —

וואָלטען דארויף א סך מן הסתם מיט פרייז געענטפערט:

— אבי עס לעבט דעם מלך'ס זוהן, אבי עס לעבט דער יונגער
מלך!

ווייל די חכמים וואָס דער יונגער מלך האָט צוגעצייגען צו
זיך אין אָנהויב פון זיין קעניגען, האָבען געהאַלטען אין איין שפּריי־
טען און ברייטען דעם נאָמען פון דעם יונגען מלך אינאיינעם מיט
זיין לעהרע.

און כאָטש דער יונגער מלך האָט דאָס אַלץ געוואוסט און גע־
זעהן, און האָט זיך דעריבער ניט געהאַט צו שרעקען פאר דעם, וואָס
עס וועט זיין נאָכדעם ווען דאָס פאָלק וועט זיך דערוויסען, אז דער
אַלטער מלך איז שוין מעהר ניטאָ אין לאַנד, פונדעסטוועגען איז
זיין שרעק געוואַקסען. און ווען עמיצער פון זיינע חכמים פלעגט
פאר איהם אין די אויגען נעמען רעדען פון איהם און פון דער לעהרע
און פלעגט דערביי, פון געוואוינהייט וועגען, דערמאָנען מיט כבוד דעם
פאָטער, פלעגט דער יונגער מלך דערביי אויפציטערען פון שרעק.
איהם פלעגט זיך דאַכטען, ווי ער זעהט יענעם אונטערטראָגען דעם
פאָטער'ס קאָפּ אויף א גאָלדענער טאַץ...

און דער יונגער מלך האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: ער וועט דאָס פרעגן ביי דעם בעטלער, דער בעטלער מוז פון דעם זיכער וויסן. זאָל ער איהם זאָגן, וואו איז אהינגעקומען זיין פאָטער — דער מלך?

נאָר ווען ער האָט באגעגענט דעם בעטלער, האָט ער זיך פּלוצלינג דערשראָקען. ער האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען און איז געבליבען שטיל פאַר לאַנג. נאָכדעם האָט ער געעפענט דאָס מויל און האָט גענומען רעדען. ער האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז ער וועט נאָך פאָרט פרעגן וואָס ער וויל, נאָר ארויסגעקומען איז גאָר אַט וואָס:

— בעטלער, — האָט ער געפרעגט ציטערענדיג מיט אַלע אברים, — דו געדיינקסט פון דעם מלך?... דו געדיינקסט, דו האָסט מיר א מאָל דערצעהלט פון דעם ליכטיגען מלך... פון זיין זוהן... און פון זיין טאָכטער, זי איז פאַרלאָרען געוואָרען... עמיצער איז זי געגאַנגען זוכען, ער האָט זי געפונען. זי איז נעווען געפאַנגען, זי איז אַנטלאָפען?... וואָס איז פון איהר געוואָרען? א, בעטלער?..

דער בעטלער האָט איהם אָנגעקוקט, האָט דערזעהן אַלץ וואָס עס קומט פאַר אין דעם יונגען מלך... נאָר ער האָט דאָס אַלץ פאַרביי געלאָזען, און האָט זיך אָנגערופען און געזאָגט:

— יונגלינג, ווען מיר צייכענען א קרייז, קומען מיר ביים סוף פון קרייז צו זיין אָנהויב. דו האָלטסט איצט פון שליסען דיין קרייז...

— בעטלער! — האָט אויסגעשריען דער יונגער מלך ניט וויסענדיג קלאָהר פאַר וואָס און צוליעב וואָס.

— איצט הער! — האָט זיך דער בעטלער אָנגערופען:

— אמאָל זענען געזעסען עטליכע בעטלער און יעדער איינער פון זיי האָט זיך געריהמט מיט דעם כח וואָס ער האָט אין זיינע הענט. איינער האָט זיך באריהמט, אַז ער האָט אַזאַ גבורה אין די הענט,

אַז ווען ער שיסט אויס אַ פייל קאָן ער זי צוריקציהען. איך בין אויך געווען צווישען זיי. — האָב איך ביי איהם געפרעגט:

— ווען קאָנסטו צוריקציהען די פייל? — אפילו נאָכדעם ווי זי האָט שוין יענעם געטראָפען? און וואָסער פייל קאָנסטו צוריקציהען? וואָרים עס זענען דאָך פאַראַנען צעהנערליי פיילען. און היינט, אַז מען וויל יענעם זיכער מזיק'ען, קאָן מען דאָך די פייל נאָך פריהער באַשמירען מיט סם. און עס זענען דאָך פאַראַן צעהנערליי סם'ען, און יעדער פון די סם'ען איז דאָך נאָך אַ סך געפעהרליכער פון דער פייל.

האָט מיר דערויף יענער געענטפערט:

— יאָ, איך קאָן צוריקציהען אַ פייל אפילו נאָכדעם ווי זי האָט שוין יענעם געטראָפען, און אפילו ווען זי איז באַשמירט מיט אַזאַ און אַזאַ סם.

און ער האָט מיר אָנגערופען דעם נאָמען פון א י י ן סם.

האָב איך זיך צו איהם אָנגערופען און האָב צו איהם געזאָגט:

— אויב אַזוי קאָנסטו דאָך מעהר ניט צוריקהאַלטען נאָר איינערליי פיילען, און ווי באַלד אַזוי קאָנסטו ניט היילען די בת מלכה פון דעם ליכטיגען מלך. וואָס ליגט איצט אַ פאַר'חלוש'טע אין דעם וואַסערדיגען שלאָס...

האָט זיך אַן אַנדערער אָנגערופען.

— און איך האָב אין מיינע הענט אַזאַ כח, אַז ביי וועמען איך נעהם — גיב איך...

האָב איך זיך אָנגערופען:

— הייסט דאָך דאָס, אַז דיין כח איז אַ כח של צדקה, טאָ זאָג מיר וואָסער אַ סאָרט צדקה גיסטו?

האָט ער זיך אָנגערופען:

— מעשר.

האָב איך צו איהם געזאָגט:

— א ווייבאלד אזוי, קאָנסט אויך דו ניט היילען די קראַנקע בת מלכה, וואָס אין דעם וואַסערדיגען שלאָס, ווייל דו ווייסט נאָר קאָנען אריין אין איינעם פון די צעהן וואַסערדיגע מויערען, וואָס רינגלען ארום דעם וואַסערדיגען שלאָס.

האָט זיך אָן אנדערער אָנגערופען און געזאָגט:

— איך האָב אין מיינע הענט אזא כח, אז איך קאָן מיט זיי אָפּשטעלען א שטורעמווינד, און קאָן מיט זיי ווידער אָפּלאָזען דעם שטורעמווינד און קאָן מאַכען אז דער ווינד זאָל בלאָזען מיט א מאָס, ווי עס בעדאַרף צו זיין.

האָב איך ביי איהם געפרעגט:

— וואָסער א ווינד קאָנסטו אָנכאַפּען מיט דיינע הענט? וואָרים עס זענען דאָך פאַראַנען צעהנערליי ווינטען.

האָט ער מיר געענטפערט און געזאָגט:

— אזא און אזא ווינד קאָן איך אָנכאַפּען מיט מיינע הענט.

האָב איך זיך צו איהם אָנגערופען:

א ווי באלד אזוי, קאָנסט אויך דו ניט היילען די בת מלכה, וואָס אין דעם וואַסערדיגען שלאָס, וואָרים דו קאָנסט נאָר איין ניגון. און עס זענען דאָך אָבער פאַראַנען צעהנערליי שטורעמווינטען און איטליכער שטורעמווינד האָט דאָך זיין באַזונדערען ניגון. און אויף צו היילען די בת מלכה דאַרף מען קאָנען אַלע צעהנערליי נגונים, וואָרים איהר רפואה קאָן נאָר קומען דורך נגינה, און זי איז אזוי שטאַרק קראַנק, אז מען מוז צו איהר האָבען דעם כח פון אַלע נגונים.

האָבען זיי ביי מיר געפרעגט:

— און וואָס קאָנסטו?

האָב איך צו זיי געענטפערט:

— איך קאָן אַלץ וואָס איהר קאָנט און אויך אַלע ניין חלקים פון איטליכער זאַך וואָס פעהלען יעדען פון אייך אויס.

האָבען זיי ביי מיר געפרעגט:

— און ווער איז דאָס די דאָזיגע בת מלכה? ווי אַזוי האָט דאָס געטראָפען אַז זי איז אַזוי שטאַרק קראַנק געוואָרען?

האָב איך זיי דערצעהלט די גאַנצע מעשה וועגען דער בת מלכה און אַלץ וואָס עס האָט מיט איהר און מיט דעם גבור — דעם שני למלך געטראָפען, ביז זי איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ווייסער שאָף — און דער גבור — אין אַ הירש. דער הירש אָבער האָט די גאַנצע צייט געדאַרפט האַלטען זיינע אויגען געווענדט צו מזרח און ער האָט דאָס ניט געטון. האָט זיך דערפאַר געשטאַרקט דער אַנדערער צד — און די חזרים זענען צוריק פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויס חיל און דער שוואַרצער פאַנדול איז צוריק געוואָרען קיסר, און די בת מלכה איז צוריק אַריינגעפאַלען אין זיינע הענט. איין מאָל האָט זיך דעם פאַנדול, וואָס איז צוריק געוואָרען קיסר, געחלומ׳ט, אַז די בת מלכה האָט איהם גע׳הרג׳עט. האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענער און האָט צו זיך געשיקט רופען זיינע באַשיידער; האָבען זיי איהם געזאָגט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געזעהן אין חלום קאָן טאַקע מקוים ווערען.

אַז דער קיסר האָט דערהערט אַזוינע רייד האָט ער זיך נאָך מעהר דערשראָקען און ער האָט זיך גאָר קיין עצה ניט געקאָנט געבען וואָס ער זאָל טון מיט דער בת מלכה.

זאָל ער זי אַוועקשיקען — טוט זי איהם באַנג; זאָל ער זי לאָזען — האָט ער דאָך מורא פאַר׳ן חלום.

און דערווייל, ווי דער קיסר האָט זיך אַזוי געשלאָגען אין דער דעה, איז מען געקומען און מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז די בת מלכה איז אַנטלאָפען.

איז דער קיסר גלייך אַריין אין אַ זעהר גרויסען כעס און האָט בייז באַפוילען, אַז מען זאָל זי לויפען זוכען.

זענען זיינע דיענער געלאָפען און האָבען זי געזוכט און זיי האָבען זי געפונען אַרום דעם גרויסען וואסערדיגען שלאָס.

וואָרים אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, איז פאַראַן אַ גרויסער וואסערדיגער שלאָס. און אַרום דעם שלאָס זענען אויפגעשטעלט צעהן גרויסע וואסערדיגע מויערן. און די ערד פון דעם שלאָס איז אויך פון וואסער, און אויך דער גאָרטען און די ביימער און די פרוכט זענען פון לויטער וואסער. און די שעהנ־קייט פון דעם שלאָס איז גאָר ניט אָפצודערצעהלען. און אויסער זיין אייגענער שעהנקייט שפיגלען זיך נאָך די וואסערדיגע טורעמס מיט אַלערליי פארבען. און די ווענט און די מויערן זענען אַזוי קלאָר, אַז מען קאָן דורך זיי דורכקוקען און זעהן אַלץ וואָס עס טוט זיך אינעווייניג. אָבער אריינגעהן אין איהם קאָן מען ניט, ווייל מען ווערט דערטרונקען.

און אַז דער קיסר האָט דערהערט, אַז די בת מלכה איז אַרום דעם שלאָס, האָט ער צונויפגענומען זיין חיל און איז אוועק זי כאַפּען.

ווי נאָר אָבער די בת מלכה האָט איהם דערזעהן פון וויטען האָט זי זיך געלאָזט לויפען אין שלאָס אריין, ווייל זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז עס איז בעסער דערטרונקען צו ווערען איידער צוריק אריינצופאַלען אין זיינע הענט.

און אַז דער קיסר האָט דערזעהן ווי זי לויפט אויף צו דער־טרונקען ווערען, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: אויב שוין יאָ אַזוי, טאָ זאָל מען זי בעסער שיסען אויף זיין באַפעהל.

האָט ער גלייך געהייסען זיינע לייט, האָבען זיי אין איהר גע־שאָסען.

און זיי האָבען איהר געטראָפען מיט אַלע צעהנערליי פיילען וואָס זענען באַשמירט מיט אַלע צעהנערליי סמ'ען.

די בת מלכה איז אָבער מיט די אַלע צעהנערליי פאַר'סמ'טע פיילען אַלץ געלאָפען צו דעם וואַסערדיגען שלאָס.

און זי איז דורכגעלאָפען די צעהן טויערען פון די צעהן וואַסערדיגע מויערען.

און זי איז דורך דעם וואַסערדיגען גאַרטען, דורך זיינע וואַסערדיגע סטעזשקעס צווישען וואַסערדיגע קווייטען און בוימער.

און זי איז דורך די וואַסערדיגע טירען פון דעם גרויסען וואַסערדיגען פּאַלאַץ.

און זי איז אריין אינעוויינינג.

און זי איז אַנידערגעפאַלען.

און זי איז געבליבען חלשות.

און דער קיסר מיט זיין חיל זענען איהר נאָכגעלאָפען, זענען זיי דערטרונקען געוואָרען.

און עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל קאָנען היילען די בת מלכה, מוז איך דאָס אליין טון. וואָרים איך קאָן דורך די וואַסערדיגע מויערען, וואָס ארום דעם גרויסען וואַסערדיגען שלאָס, ווייל איך האָב אין מיינע הענט דעם כח פון אַלע צעהן צדקות, און איך האָב אין מיינע הענט אויך דעם כח מיט וועלכען מען קאָן ארויסציהען אַלע צעהנערליי קוילען, און אויך דעם כח מיט וועלכען מען קען היילען אַלע צעהנערליי סמ'ען, ווייל איך קאָן מיט מיינע הענט באהערשען אַלע צעהנערליי שטורעמס. דעריבער קאָן איך פאַר איהר שפּיעלען אַלע צעהנערליי נגונים, דאריבער בין איך דער רופא פון דער בת מלכה, וואָס געפינט זיך אין דעם גרויסען וואַסערדיגען שלאָס, וואָס אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בעטלער האָט געענדיגט און איז ווי אַלע מאָל ניט גע־וואָרען, און ווען דער יונגער מלך האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, האָט ער דערזעהן, אז ס'איז הערבסט און פאַרנאַכט אין דעם וואַלד.

א גרויסע גאָלדענע זון האָט געברענט צווישען די בוימער און די צווייגען. די זון איז געווען פאַרנאַכטיג און סוף־יאָהריג גרויס און האָט געצונדען דעם הימעל און דעם וואַלד מיט גאָלד און מיט ברע־נענדיגע געשטאַלטען. דער יונגער מלך האָט זיך אומגעקוקט צו דעם אָרט וואו דער בעטלער איז געשטאַנען און האָט דאָרט דער־זעהן א שטיין מיט'ן אויפשריפט:

— זעה, עס איז די וועלט א מעשה, א מעשה וואָס האָט זיך נאָך אינגאַנצען ניט דערצעהלט...

ער האָט געקוקט אויף דעם שטיין און געטראַכט, אז עס איז הערבסט, אז עס נעהענטערען זיך שוין, ווייזט אויס, זיינע לעצטע טעג, און אז דער בעטלער מיט זיינע מעשות, מיט זיין לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, עפּעס אויף דעם גאַנצען הימעל, עפּעס אויף זיין ביז איצטיגע חכמה און זיין לעהרע, אויף וועלכער ער האָט אוועקגעגעבען אזוי פיעל בלוט און יאָהרען... אין פאַר וואָס האָב איך ביי דעם בעטלער ניט געקאָנט פרעגען, צי ער ווייסט ניט, וואו עס איז אהינגעקומען מיין פאָטער?... ער מוז דאָך געוויס וויסען וואו ער איז!...

און ווען דער יונגער מלך האָט זיך אויפגעזעצט און גענומען לויפען פון דעם וואַלד אויף זיין קעניגליכען ווייסען פערד, האָט ער דערזעהן, אז אויך די זון לויפט מיט, זי קאַטשעט זיך איבער'ן וואַלד, ווי עמיצער וואָלט זיך מיט איהר געשפּיעלט. און עמיצער, א ברענענדיגער, האָט מיט א גאָלדענער האַנט געשריעבען אין דער לופט:

— זעה: — עס איז די וועלט א מעשה, א מעשה וואָס האָט זיך נאָך אינגאַנצען ניט דערצעהלט.

און ווען דער יונגער מלך איז אַרויס פון וואַלד, האָט ער גע־טראָפען זיינע חכמים. — זיי זענען די לעצטע צייט געוואָרען פאַר־





דערכטיגט אויף זייער לעהרער, דעם יונגען מלך, און האָבען איהם גענומען פאַרשען...

— זיי געגריסט אונזער מלך און לעהרער! — האָבען זיי אויסגעשריען מיט געמאַכטער פרייד. — זעה, מיר זענען ארויס צו שוועבען אין פעלד און מיר האָבען אָנגעטראָפען אונזער מלך, אונזער קרוין, אונזער הערשער און אונזער לעהרער!

און זיי האָבען געפרעגט:

— ווי קומט דאָס, וואָס אונזער ליכט און אונזער פייער זאָל זיך לאָזען אַליין אין אַזאַ געדיכטען וואַלד?

ער האָט זיי אָנגעקוקט, ווי זיי זענען געזעסען אויף זייערע פערד באַשילדטע און באַפאַנצערטע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען ניט גלאַט אַזוי ארויס צו שוועבען אין פעלד... פאַר א מינוט איז איהם איינגעפאַלען — ער וועט זיי זאָגען:

— הערט אויס, מיינע חכמים און קלוגע לייט! ניט דער הימעל הערשט איבער דער וועלט, נאָר דאָס לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער. לעבט ניט מעהר אין דעם הימעל'ס נאָמען, נאָר אין דעם נאָמען פון דעם דאָזיגען לאַנד!

נאָר ווען ער האָט באַטראַכט זייערע מיט גלויבען פאַרשטיינערטע פנים'ער, זייער מיט גלויבען פאַרגלייזטע אויגען, איז איהם אריבער א גרויל איבער זיין לייב. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעגלייכט מיט זיי און האָט ביי זיי געפרעגט:

— וואָס איז דער אונטערשיעד פון איינעם וואָס טרינקט זיך, ביז איינעם וואָס איז שוין דערטרונקען?

דער קלוגסטער פון זיי האָט איהם דערויף געענטפערט און געזאָגט:

— דער וואָס טרינקט זיך, וויל נאָך לעבען, און ער שרייט נאָך הילף. און דער דערטרונקענער איז שוין טויט און איז שוין שטיל.

און ער האָט זיי דערויף געענטפערט:

— איך זעה אייך אָן און טראכט:

עס איז א לעהרע ווי א וואסער. איך טרינק זיך און איהר זענט שוין דערטרונקענע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

יא.

פינף מאָל האָט זיך שוין דער בעטלער אנטפּלעקט פאַר דעם יונגען מלך און איצט האָט דער יונגער מלך אַרומגעזוכט דעם בעט־לער ער זאָל זיך פאַר איהם ענטפּלעקען דעם זעקסטען מאָל. און ווען ער האָט איהם געטראָפען האָט ער זיך צו איהם געווענדט און געזאָגט:

— זעה, שוין פינף מאָל האָסטו זיך געלאָזט צו מיר דער־קענען, און וואָס מעהר דו אנטפּלעקסט זיך אַלץ ווענינער ווייס איך ווער דו ביזט. ווער ביזטו? ביזטו דער ערשטער און דער לעצ־טער, אויף וועלכען מענשען זאָגען זעה, אַט געהט דער בלינדער בעטלער? ביזטו דער טויבער בעטלער וואָס איז ניט טויב, וואָס האַלט אין זיך דעם סוד פון גוט לעבען? ביזטו דאָס דער בעל חסר, וואָס מאַכט די צייט פאַר דעם הארץ און דעם קוואַל פון דער וועלט? ביזטו דער, צו וועמען עס געהער די חכמה פון שפּיעלען און זינגען? אָדער דו ביזט דער רופא, וואָס היילט די קראַנקע בת מלכה וואָס אין דעם וואַסעררינען שלאָס, וואָס אין דעם לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער?

דאַרויף האָט איהם דער בעטלער געענטפערט און געזאָגט:

— וויסען זאָלסטו, יונגלינג, — איך בין נאָך מעהר פון אַלץ, וואָס דו האָסט דאָ געזאָגט. וואָרים איך בין אין דער וועלט „דאָס ווינציגע וואָס טראָגט זעהר פיעל". און אַט הער אַ מעשה:

— אמאָל זענען אויף אַן אָרט געזעסען אַ סך חכמים און

האָבען זיך אַלע באַריהמט מיט דעם, אַז זיי פאַרמאָגען אין זיך דאָס ווינציגע וואָס טראָגט זעהר פיעל. — איינער האָט זיך גע־ריהמט, — זיין קאָפּ איז דאָס ווינציגע וואָס טראָגט זעהר פיעל, וואָרים ער איז אַ הערשער פון אַ לאַנד און ער טראָגט אויף זיין קאָפּ טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער מענשען מיט אַלע זייע־רע באַדירפעניסען, מיט אַלע זייערע פיהרונגען, מיט אַלע זייערע גענג. איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז זיין קאָפּ איז דאָס ווינציגע וואָס טראָגט אויף זיך זעהר פיעל.

האָט זיך אַן אַנדערער אָנגערופען, אַז ער האָט אַ שטיקעל מדינה, וואָס גיט אַרויס זעהר אַ סך פירות, אַזוי פיעל, אַז דערנאָך ווען מען באַרעכענט די פירות וואָס דאָס לאַנד גיט אַרויס זעהט מען אַז די מדינה האָט גאָר ניט אַזוי פיעל אָרט וויפיעל די פירות באַ־דאַרפען פאַרנעהמען. — איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז זיין מדינה האָט אין זיך דאָס ווינציגע וואָס טראָגט זעהר פיעל.

האָט זיך אַ דריטער אָנגערופען און האָט דערצעהלט, — ער האָט אַזאַ וואוילען גאָרטען און אַז עס קומט דער זומער פאַהרען זיך אין דעם גאָרטען צונויף זעהר פיעל מענשען און זיי פאַרבריינ־גען אין איהם און שפּאַצירען דאָרט אַרום, אָבער אין דער אמת׳ן איז אין דעם גאָרטען גאָר ניטאָ אַזוי פיעל אָרט פאַר אַזוי פיעל מענשען. און דאָס וואָס ער נעמט אין זיך פאָרט אריין אַזוי פיעל מענשען און גיט זיי נאָך די מעגליכקייט אַרומצוגעהן און אַרומ־שפּאַצירען, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל זיין גאָרטען פאַרמאָגט אין זיך דעם וואונדער פון דאָס ווינציגע, וואָס קאָן אין זיך אריינ־נעמען זעהר פיעל.

האָט אַ פערטער זיך אָנגערופען און האָט געזאָגט:

באַשר, ער איז אַ שרייבער ביי אַ גרויסען מלך און צו דעם מלך קומען דאָך זעהר אַ סך מענשען, אַ טהייל קומען מיט לויבונ־גען און אַ טהייל מיט פאַרלאַנגען און דער מלך קאָן דאָך דאָס אַלץ

געווים ניט אויסהערען. נעמט ער צונויף אַלע זייערע רייד אין עטליכע ווערטער און ער מאַכט אַזוי, אַז אין די עטליכע ווערטער זאָלען אַריינקומען אַלע לויבונגען און אַלע פאַרלאַנגען פון אַלע מענ־שען, וואָס קומען צו דעם גרויסען מלך, וואָרים אין די ווערטער וואָס ער באַנוצט איז דאָ דער כח פון דאָס ווינציגע וואָס טראָגט מיט זיך זעהר פיעל.

א פינפטער האָט געזאָגט, אַז אין זיין שווייגען איז דאָ דאָס ווינציגע וואָס טראָגט אויף זיך זעהר פיעל, וואָרים ער האָט אויף זיך זעהר פיעל באַרעדער, וואָס רעדען אויף איהם זעהר פיעל שלעכ־טעס, און ווי פיעל זיי זאָלען אויף איהם ניט רעדען, און וואָס זיי זאָלען וועגען איהם ניט זאָגען, ענטפערט ער דארויף אַלץ אָפּ מיט שווייגען. דעריבער איז זיין שווייגען דאָס ווינציגע וואָס טראָגט זעהר פיעל.

און א זעקסטער האָט זיך אָנגערופען און געזאָגט:

— איך בין דאָס ווינציגע וואָס האַלט אויף זעהר פיעל, וואָרים עס איז אויף דער וועלט פאַראַן אַ בעטלער, א סגי נהור, און דער בעטלער, דער סגי נהור איז זעהר א גרויסער און איך בין זעהר א קליינער, און כאָטש איך בין אַזוי קליין, בין איך פאָרט דער וואָס פיהרט אַרום דעם גרויסען סגי נהור. הייסט דאָס אַז איך בין דאָס קליינע וואָס האַלט אויף זעהר פיעל.

האָט מען פון איהם געלאַכט.

איז אָבער צווישען זיי געווען אויך אַ זיבעטער. דאָס איז גע־ווען אַ בעטלער מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס, האָט ער זיך צו זיי אָנגערופען און האָט צו זיי געזאָגט:

— איהר זאָלט פון איהם ניט לאַכען. — עס איז אמת, אַז יעדער פון אייך פאַרמאָגט דאָס ווינציגע וואָס נעמט אויף אין זיך זעהר פיעל. אָבער דער לעצטער פון אייך, וואָס האָט געזאָגט אַז ער האָט אין זיך דאָס קליינע וואָס קאָן טראָגען זעהר פיעל, דערפאַר

וואָס ער פיהרט אום דעם גרויסען סגי נהור, איז נאָך אפילו גרעסער פון אייך אַלע, וואָרים ער האָט אייך דערמיט געזאָגט, אז ער פיהרט די לבנה אויף דעם וועג איבער וועלכען זי געהט. און די לבנה ווערט דאָך אָנגערופען סגי נהור ווייל זי שיינט דאָך ניט פון איהר אייגען ליכט, און דער גלגל פון דער לבנה איז דאָך זעהר גרויס און ער איז דאָך אנטקעגען דעם גלגל זעהר קליין. און היינט אז ער קאָן אויסהאַלטען דעם גלגל און ארומפיהרען די לבנה איבער איהם, איז דאָס בלויז דערפאַר וואָס ער איז דאָס ווינציגע וואָס קאָן טראָגען זעהר פיעל. — איך אָבער בין נאָך גרעסער פון אייך אַלע, וואָרים דאָס ווינציגע פון אייך וואָס טראָגט דאָס וואָס איז פיעל, איז דאָך ביי אייך פאַרט עפּעס אַן אָרט. איך אָבער טראָג נאָך מעהר פון אייך אַלע אינאיינעם, און דאָס ווינציגע אין מיר איז שוין כמעט גאָר קיין אָרט ניט...

און דער בעטלער מיט'ן האָרב אויף די פּלייצעס האָט צו זיי ווייטער גערעדט און געזאָגט:

— ווייסט איהר פון דעם וואונדערבאַרען בוים, וואָס געפינט זיך אין דעם לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער?

האָבען זיי ביי איהם געפרעגט, וואָס איז דאָס פאַר א בוים?

האָט ער צו זיי געזאָגט:

איהר ווייסט דאָך געוויס, אז איטליכע חיה זוכט אויף דעם שאָטען, וואָס נאָר אין איהם האָט זי ליעב צו רוהען, און אז אַזוי זוכט אויך איטליכער פויגעל אויף זיין צווייג, וואָס גראָד אויף איהם וויל ער רוהען?

האָבען זיי איהם אַלע געענטפערט:

— יאָ, אודאי ווייסען מיר דאָס.

האָט ער צו זיי ווייטער געזאָגט:

אין דעם לאַנד אָבער, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, געפינט זיך אַזאַ גרויסער און וואונדערבאַרער בוים, וואָס אין זיין שאָ־

טען רוהען אין פריעדען אַלע חיות פון דער וועלט, און אויף זייערע צווייגען פרעהען זיך אַלע פויגלען פון דער וועלט...

האָבען זיי זיך פאַרוואונדערט, און געזאָגט:

— ווי גרויס עס מוז זיין דער שטח וואָס אזא בוים מוז פאַר־נעהמען, ווי גוט עס מוזען זיין זיינע שאָטענס, ווי שעהן און רייך די צווייגען, און ווי וואויל עס דאַרף זיין דעם אויג וואָס האָט ווען דעם בוים געזעהן!...

האָט ער צו זיי געזאָגט:

— הויבט אויף אייערע אויגען און זעהט!

האָבען זיי אַזוי געטון, און זיי האָבען אויפגעהויבען זייערע אויגען און זיי האָבען דערזעהן אַ שרעקליך גרויסען און שעהנעם בוים. און דער בוים האָט פון זיך געוואָרפען אַזוינע ווייכע און וואונדערבאַרע שאָטענס, און אין די שאָטענס האָבען גערוהט אַלע מינים חיות פון דער וועלט, און אויף זייערע געדיכטע און ווייט צו־וואקסענע צווייגען האָבען זיך אויפגעהאַלטען אַלע מינים פויגלען פון דער וועלט. און אַלע זענען געווען צופריעדען און רוהיג און האָבען איינער דעם צווייטען קיין בייז ניט געטון. און דער צו־צווייגטער בוים מיט זיינע וואונדערבאַרע שאָטענס, מיט די אַלע פויגלען אויף איהם און מיט די אַלע חיות אַרום איהם, האָבען פאַר־נומען זעהר פיל ליכטיגע מיילען.

און אַז זיי האָבען דאָס אַלץ דערזעהן, האָבען זיי זיך אודאי זעהר שטאַרק געוואונדערט, און זיי האָבען געשטוינט, און האָבען געפרעגט:

— וואָס איז דער סוד פון דעם בוים, און פאַר וואָס איז דאָס אַזא גרויס פאַרגעניגען צו קוקען אויף איהם?...

האָט ער זיי געענטפערט און געזאָגט:

— אָט דערפאַר איז אַזא גרויס פאַרגעניגען צו קוקען אויף דעם בוים, און דערפאַר קאָנען אַלערליי חיות רוהען אין זיין שאָטען,

און אַלע פויגלען זיצען אויף זיינע צווייגען, ווייל דער דאָזיגער וואונדערבארער בוים וואקסט פון דריי וואונדערבארע וואָרצלען. — איין וואָרצעל — איז גלויבען; דער צווייטער איז — פאַרכטיגקייט און דער דריטער וואָרצעל איז — באַשיידענקייט. און דער גוף פון דעם בוים איז אמת. און פון אמת וואקסען זיינע צווייגען...

און אַז זיי האָבען דערהערט די דאָזיגע רייד איז זיי דער בוים נאָך מעהר געפעלען געוואָרען, און זיי האָבען זיך געלאָזט צום בוים. זענען זיי אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז מיט א מאָל האָבען זיי זיך אומגעקוקט און האָבען דערזעהן, אַז זיי קאָנען צו דעם בוים גאָר ניט צוקומען, ווארים זיי האָבען דערזעהן, אַז דער בוים וואקסט גאָר ניט אויף קיין אָרט... האָבען זיי זיך אימגעקוקט אויף דעם האָרבאַטען בעטלער און זיי האָבען מיט שטוינונג ערשט איצט דער־זעהן, — אַז דער בעטלער האָט שוין גאָר מעהר קיין האָרב ניט אויף זיינע פלייצעס. האָבען זיי ביי איהם געפרעגט:

— וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטען?

האָט ער צו זיי געזאָגט:

— איהר זאָלט וויסען, אַז דער האָרב און דער דאָזיגער וואונ־דערבארער בוים מיט אַלע זיינע חיות און אַלע זיינע פויגלען — זענען איינס. און דערפאַר זעהט דאָס אייך אויס, אַז דער בוים וואקסט ניט אויף קיין אָרט. איך האָב דאָס דעם דאָזיגען גרויסען בוים מיט אַלץ וואָס ארום איהם און אויף איהם געבראַכט צו אייך פון דעם לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער.

האָבען זיי זיך אודאי נאָך מעהר געוואונדערט אויף דער דאָ־זיגער זאַך, און זיי האָבען צו איהם געזאָגט, אַז זיי וואָלטען אודאי זעהר וועלען קומען צום בוים.

האָט ער צו זיי געזאָגט:

— איהר קאָנט צו דעם בוים ניט קומען, ווייל איהר זעהט דאָך, אַז דער בוים האָט גאָר קיין אָרט ניט, ער שטעהט העכער פון

אָרט... און דאָס ווינציגע אין איך וואָס נעהמט אין זיך אריין פיעל, איז דאָך פאָרט עפּעס אַן אָרט. איך אָבער קאָן אייך אהין יאָ ברייננגען, ווייל כאָטש איך טראָג מיט זיך נאָך פיעל מעהר ווי דאָס וואָס איך ווייז אייך, דאָך איז דאָס ווינציגע אין מיר וואָס באַהערשט דאָס אַלץ שוין כמעט גאָר קיין אָרט ניט. עס איז שוין דער שפּיץ פון אָרט, וואָס פון דאָרט העכער קאָן שוין גאָר ניט געמאָלט זיין.

און איך האָב נאָכדעם גענומען און האָב זיי געבראַכט צום בוים און איך האָב זיי געבראַכט אויפ'ן בוים און אונטער'ן בוים. וואָרים איך בין דאָס דעמאָלט יענער בעטלער געוועזן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בעטלער איז געבליבען שטיל און איז ניט געוואָרען. און דער יונגער מלך האָט זיך דערפיהלט ארומגענומען מיט דער שטריינ־גער בייזקייט פון אַ גוטען טאַטען.

„איך בין אַ ניט געהאָרכזאַמער זוהן“ — האָט ער געטראַכט — „און ער איז בייז און גוט און האָט אַזוי פיעל געדולד“...

און ער האָט געטראַכט:

— ווי טיף און ווי איינפאַך עס זענען זיינע וועגען, און ווי גרויס און שעהן עס איז די מעשה פון דער וועלט מיט איהר לאַנד וואָס נעמט אין זיך אריין אַלע לענדער!...

און ווען ער איז ארויס פון וואַלד, האָט ער ווידער אָנגע־טראָפען זיינע חכמים. זיי האָבען איהם באַגריסט מיט פריינד־ליכע ווערטער. נאָר מיט פאַרזאָרגטע און פאַרשענדיגע בליקען...

ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט זיי. זיי האָבען דערזעהן, אַז ער שיינט מיט אַן אויסערגעוועהנליכען ליכט און ער האָט ווידער דערזעהן, אַז זייערע פּנים'ער זענען פאַרשטיינערט און זייערע אויגען זענען פאַרגלייסט ווי ביי דערטרונקענע...

ער האָט פון זיי אָפּגעקערט זיין פּנים.

זי ווייט אַרויף אויפ'ן ברעג פעלד האָט ער דערזעהן די זון. זי איז געליגען צווישען די גראָזען און האָט געברענט ווי א פאַנאַנדער־געלייגטער פייער... און כאָטש דער יונגער מלך האָט געוואוסט, אַז זיי זענען שוין דערטרונקענע, אַז פאַר זיי איז שוין אונמעגליך איהם צו הערען און פאַרשטעהן, וואָרים זייערע אויערען זענען שוין טויב, פון דעסטוועגען האָט ער פלוצלינג אָפּגעשטעלט זיין פערד און דערפיהלענדיג אויף זיך דעם שיין פון דער ברענענדיגער זון האָט ער פּאָטעטליך אויפגעהויבען זיין האַנט און האָט צו זיי געזאָגט:

— פאַרנעהמט, אויב איהר קאָנט נאָך הערען און פאַרשטעהן! און ווייסט! — ביי דעם פייער וואָס ברענט דאָרט איצט אויף דעם ברעג פון דער ערד זאָג איך צו אייך — געדיינקט! — אַזוי ווי מיר נוצען האָלץ כדי א פייער צו דערהאַלטען, אַזוי נוצען מיר אונזער לעבען כדי צו דערהאַלטען דאָס ליכט פון דער וועלט. דאָס ליכט פון דער וועלט — איז די מעשה פון דער וועלט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די חכמים האָבען אויפגעציטערט... און זיי האָבען זיך צו־ריקגעצויגען, אויס שרעק פאַר זיינע רייד און פאַר'ן שיין פון זיין פנים.

יב.

כאָטש דער יונגער מלך האָט געוואוסט, אז עס נעהענטערט זיך זיין סוף, פון דעסטוועגען האָט ער פאָרט געגלויבט, אז ער וועט נאָך בלייבען לעבען.

כאָטש ער האָט געהערט פון דעם בעטלער די מעשה מיט'ן פאַלשען בן מלך, פון דעסטוועגען האָט ער געהאָפט און געגלויבט, אז ער איז פאָרט דער אמת'ער בן מלך, אז דאָס קעניגרייך איז באמת זיינס, וואָרים דער פאָטער האָט דאָס איהם איבערגעגעבען פאַר די אוינען פון אזוי פיעל מענשען. און דערפאַר איז ער איצט דער מלך, און וועט בלייבען דער מלך אויפ'ן אָרט פון זיין פאָטער.

און כאָטש ער האָט נאָך געגלויבט, אז ער איז דער אמת'ער בן מלך און דער אמת'ער מלך, און אז עס וועט נאָך זיכער געשעהן א וואונדער, און ער וועט בלייבען לעבען, פון דעסטוועגען, ווען ער האָט אָנגעטראָפען דעם בעטלער צווישען די נאַקעטע בוימער פון דעם סוף־יאָהריגען וואַלד, האָט ער זיך צו איהם געווענדט מיט אן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ און האָט געפרעגט:

— בעטלער, וואָס איז טויט?...

דער בעטלער האָט איהם דערויף געענטפערט:

— טויט, דאָס איז די מינוט ווען דער מענש געהט איבער צו דעם גרויסען ליכט פון דער וועלט.

— פאַר וואָס זשע וויל דער מענש ניט שטאַרבען? פאַר

וואָס ראַנגעלט זיך אַזוי דער מענש מיט'ן טויט? — האָט געפרעגט דער יונגער מלך מיט אַ פאַרקלעמטען און ציטערדיגען האַרץ.

— דאָס ראַנגעלט זיך אַזוי דאָס שטויביגע אין דעם מענשען, וואָס קאָן זיך צום ליכט ניט דערהויבען. וואָרים איידער דער מענש דערזעהט דאָס גרויסע ליכט פון טויט, טראָגט ער דאָך מיט זיך אויף דאָס שטויביגע אַרום איבער דער מעשה פון דער וועלט...

— טאָ פאַר וואָס זשע וויינען מענשען אַזוי ביטער איבער אַ טויטען? — האָט דער יונגער מלך ווייטער געפרעגט.

— יאָ, מענשען וויינען ביטער איבער אַ טויטען — האָט זיך דער בעטלער אָנגערופען. — זיי וויינען ביטער און עס איז פאַר זיי שווער צו פאַרשטעהן, אַז זיי וויינען ניט אויף דעם אומגליק פון דעם טויטען. זיי וויינען אויף זיך. דאָס וויינט אין זיי דאָס קליינע, וואָס דערפיהלט און דערזעהט ווי אָט האָט איינער פון צווישען זיי זוכה געווען צו דערזעהן דאָס גאַנצע גרויסע ליכט, אָט האָט זיך איינער פאַר זייערע אייגענע אויגען אויפגעהויבען העכער פון צייט און אָרט און זיי זענען דאָ איבערגעבליבען אָרטיגע, צייטיגע, מיט אַזוי פיעל נישטיגקייט אויף זייערע אַקסלען. דער וואָס איז געשטאָרבען ווערט פאַר זייערע אויגען אַ העלער, אַ ליכטיגער און זיי שטעהען פאַר איהם שוואַרצע, פינסטערע, און זיי שרייען און קלאָגען פון זייער פינסטערניש, און זיי ווייסען אפילו ניט, אַז דאָס קלאָגען זיי אַזוי אויף זיך אַליין... און אין דער מינוט ווען אין זיי ציטערט אויף דאָס געפיהל אַז ניט דעם טויטען באַקלאָגען זיי, אַז דער טויטער האָט מיט זייער קלאָגען ניט צו טון, אין דער מינוט ווען זיי דערפיהלען, אַז עפּעס אַנדערש איז די סיבה פון זייער קלאָגען, נאָר זיי ווייסען נאָך אַלץ ניט וואָס.. דעמאָלט ווערט זייער טרויער קוויטשענדיג און גרילצענדיג. ווייל ער ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַן אָפּענעם ליגען.

דער יונגער מלך האָט מיט שרעק געהערט די דאָזיגע ווערטער

און נאָכדעם האָט ער מיט שרעק געפרעגט:
— וואָלט דען געווען רעכט מען זאָל לערנען די מענשען, אַז זיי זאָלען שטאַרבען צוליעב דער מעשה פון דער וועלט, צוליעב דעם ליכט פון דער וועלט?!
— ניין, אָ יונגער יונגלינג! — האָט אויסגעשריען דער בעטלער, — זאָלען דיר מעהר אַזוינע רייד אין מויל ניט קומען! וואָרים, ווי מיר וואָלטען פאַרמידען די ערד פון צו געבען פרוכט, ווען מיר וואָלטען זי פאַרדאַרבען, אַזוי וואָלט דאַך פאַרמידען געוואָרען די מעשה פון דער וועלט — דאָס ליכט פון דער וועלט, ווען די מענשען זאָלען שטאַרבען. און וויים, — די איינציגע אמת'ע טרייסט פון די מענשען וואָס לעבען אין לייד און אין פרייד — איז דאָס, וואָס זיי לעבען כדי פון זיי זאָל וואַקסען און געדייען די מעשה פון דער וועלט, דאָס ליכט פון דער וועלט, דאָס גרויסע ליכט...
— דאָס גרויסע ליכט, דאָס גרויסע ליכט! — האָט איבערגעזאָגט דער יונגער מלך ווי אַ פאַרווירטער. און נאָכדעם האָט ער געפרעגט:
— און וואָס איז דער נאָהענסטער וועג, דורך וועלכען דער מענש קאָן זיך באַהעפטען מיט דעם אמת'ן און גרויסען ליכט?
— תפילה, איז דער נאָהענטסטער וועג, — האָט איהם דערויף דער בעטלער געענטפערט.
— ווי אַזוי דאַרף די תפילה געטון ווערען? — האָט זיך געפרעגט דער יונגער מלך.
— אויף דעם, — האָט זיך דער בעטלער אָנגערופען, — וועל איך דיר דערצעהלען דיין לעצטע מעשה...
דאָס הארץ פון דעם יונגען מלך האָט דאָ אויפגעציטערט מיט אַ צאַפּעלדיגען שרעק און איז פאַר אַ צייט געבליבען שטיל. אַזוי דאַרף געוויס אויפציטערען אַ יונגער האָז וואָס דערפיהלט זיך פּלוצלינג אין די נעגעל פון אַ גרויסען אָדלער. נאָכדעם אָבער איז פאַר

איהם ווידער אויפגעשוואומען די האָפנונג, אז אין דער לעצטער מינוט וועט נאָך געוויס א וואונדער געשעהן... און דאָס האָט איהם געשטארקט. און דער בעטלער האָט שוין דערווייל אָנגעהויבען צו רעדען. ער האָט דערצעהלט:

— זיי וויסען, אז אויף דער וועלט איז פאראַן א שטומער בעט־לער וואָס איז ניט שטום, נאָר ער רעדט בעסער ניט, וואָרים ער האָט אויסגעפונען, אז זאכען וואָס מען וויל זעהר שטארק זאָגען, ווערען ניט געהערט, ווי מען וואָלט וועלען אז זיי זאָלען געהערט ווערען און דערפאַר קומט אויס, אז וואָס מעהרער מען רעדט און מען זאָגט אלץ שווערער ווערט אויפ׳ן הארצען, וואָרים מען דער־פיהלט ווי די ווערטער רייסען זיך אומזיסט און אומנישט אָפּ פון זייער וואָרצעל, און פליהען ווי ווילדע פייגעל אַוועק ערגעץ אין דער גלאַטער וועלט אריין, אזוי אז מען קאָן זיי שוין אפילו צוריק ניט כאַ־פּען. און דערצו ווייסט ער, אז ווען מענשען וואָלטען זיך אויסגעלערנט מעהרער שווייגען, אז ווען זיי וואָלטען זיך אויסגעלערענט ניט צו רעדען אזוי פיעל: וואָלטען זיי בעסער געהערט, און איינעמס רייד וואָלטען ניט געווען ווי ארויסגעוואָרפען אויפ׳ן מיסט. — און אָט דער דאָזינגער שטומער בעטלער, וואָס איז ניט שטום, איז דאָס דער בעל תפילה פון דער וועלט. וואָרים תפילה קאָן דאָך א מענש טון ניט נאָר מיט׳ן מויל נאָר אויך מיט׳ן הארצען. און אויב אפילו מיט׳ן מויל, איז דאָך אָבער תפילה א זאַך וואָס מען טוט פריהער פון אלץ פאר זיך אליין. דעריבער טרעפט פאָרט, אז דער שטומער בעטלער באווייזט זיך אמאָל ערגעץ אין אן אָרט און נעמט צו די מענשען ריידען וועגען די גרויסע כחות וואָס ליגען אין תפילה באַ־האלטען, אז אָהן תפילה איז דאָס מענשליכע לעבען ווי א פויגעל אָהן פליגלען. און ווייל זיינע רייד קומען ביי איהם דעמאָלט ארויס, ווי א גרויסע און ליכטיגע תפילה, — שטעלט ער זיך שוין אפילו ניט אָפּ, אויב מען הערט איהם ניט. וואָרים תפילה טוט מען

דאָך פריהער פון אַלץ דערפאַר, ווייל אין דעם אייגען הארץ איז פאַראַן אַזאַ פאַרלאַנג אַזוי צו טון. און אַזוי ווי אַלץ וואָס דער בעל תפילה טוט איז דאָך תפילה, און אַזוי ווי ער איז דאָך דער אמת'ער בעל תפילה, האָט ער דעריבער אַזאַ קול און אַזוינע ווער־טער, אַז אין אַלץ וואָס ער טוט און זאָגט פיהלט זיך דער גרויסער כח פון תפילה. זוכען זיך דערפאַר דעמאָלט אויף אַזוינע מענשען אין וועמען זיינע ווערטער דרינגען אַריין אין הארצען און זיי העפ־טען זיך אָן אָן איהם.

דעמאָלט נעמט זיי דער בעל תפילה מיט מיט זיך ערגעץ אין אַ וויטען אָרט, דאָרטען עסען זיי פרוכט פון זיינע בוימער און טרינקען וואַסער פון זיין טייך, און אויף קליידער קוקט מען דאָרט ניט, — ווי איינער געהט, געהט ער, — און דאָרטען לערענט ער מיט זיי די סודות פון תפילה, וואָרים יעדע תפילה דאַרף ברייננען ליכט. „עס זענען אָבער דאָ תפילות וואָס קומען אַרויס אַזוי, אַז זיי שיינען מיט זייער אייגען ליכט, ווי עס שיינען דימענטען און ברי־ליאַנטען, און ווידער זענען דאָ תפילות וואָס זענען נאָר ווי פענס־טער, זיי שיינען ניט מיט זייער אייגען ליכט, אָבער זיי לאָזען דורך זיך דורך דאָס ליכט". און אַזוי ווידער זענען נאָך פאַראַנען פיעלע אַנדערע סאָרטען תפילות.

און נאָכדעם ווי דער בעל תפילה אַנטפּלעקט פאַר זיי די אַלע סודות פון תפילה, שיקט ער זיי אַוועק פון זיך אין פאַרשיעדענע לענדער, זיי זאָלען דאָרטען טון וואָס עס איז זיי באַשערט צו טון.

און ביים געזעגענען זיך, זאָגט ער זיינע תלמידים שטענדיג אָן:

— געדיינקט, אַז תפילה קאָן זיין ניט נאָר אין ווערטער און אין געזאַנג, נאָר אויך אין שווייגען און אין טואונגען. אַ מענש קאָן אפילו האָלץ האַקען און עס זאָל זיין ווי ער וואָלט תפילה גע־טון. געהט דעריבער איבער די לענדער פון דער וועלט און וועקט און לערנט די מענשען דעם סוד פון תפילה. געהט אום שטומער־

הייט, ביז עס וועט קומען אייער צייט פון רעדען, אָבער אויך אייער שטומען זאָל זיין ווי א תפילה. און באַגעגענט איהר א מענשען ביי זיין ארבייט צי ביי זיין חכמה, מאכט איהם צו פאַרשטעהן, אז די וועלט וועט טאקע אויסגעלייזט ווערען דורך ארבייט און דורך חכמה, אָבער נאָר דורך ארבייט און דורך חכמה, וואָס ווערט געטון ווי א תפילה.

און נאָכדעם ווי דער בעל תפילה לאָזט אָפּ זיינע תלמידים, לאָזט ער זיך ווידער אוועק אויף דער וועלט אלס א שטומער בעטלער, ביז ער זוכט פאר זיך דאָ און דאָרט אויף נייע מענשען. דעמאָלט נעמט ער רעדען.

עס טרעפט אָפט, אז דער בעטלער פארשטעלט זיך: אָט איז ער א בעטלער, און אָט איז ער א סוחר; אָט — א בעל עגלה און אָט — גאָר עפּעס אַן אנדערער, אלץ ווי עס קומט איהם אויס.. וואָרים אזוי איז לייכטער אויסצוגעפינען די השנות פון יעדען מענשען. וואָרים עס טרעפט דאָך, אז אַן אָרעמאַן זאָל גאָר דארפען האָבען גאָלד און זילבער, כדי דערהויבען צו ווערען צו תפילה, און אַן עושר ווידער, טרעפט אמאָל אזוי, אז ערשט דעמאָלט קען ער דערהויבען ווערען צו תפילה ווען ער זאָל זיך אָנטהאָן אין אָפּגעריסענע קליידער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל איז דער בעל תפילה געוואָר געוואָרען, אז ערגעץ אויף דער וועלט האָט זיך אויפגעפונען א זעהר ווילדע מדינה. דאָס איז די מדינה פון עשירות. און ווייל די מענשען זענען דאָרטען זעהר רייך, זענען זייערע מוחות געוואָרען אזוי ווילד, אז זיי האָבען גענומען שאצען די ווערט פון איטליכען מענשען לויט זיין געלד. און זיי זענען שוין אזוי וויים אוועק אין זייער ווילדקייט, אז ביי זיי איז שוין געוואָרען אויסגערעדט, אז דער וואָס פארמאָגט אזוי פיעל און אזוי פיעל צעהנער טויזענדער, באלאנגט צו אזא און אזא פּאָהן,

און דער וואָס פאַרמאָגט הונדערטער טויזענדער באַלאַנגט צו אַן אַנדער פּאָהן, און אַזוי אַלץ ווייט דער צאָהל טויזענדער וואָס איינער פאַרמאָגט. און אויב איינער פאַרמאָגט גאָר אַ סך טויזענדער, איז ער אַ מלך, און אויב איינער פאַרמאָגט נאָך מעהר טויזענדער, איז ער אַ מלך איבער אַלע מלכים, און אויב איינער פאַרמאָגט מיליאָנען איז ער אַ גאָט. און דער וואָס פאַרמאָגט גאָר אַ סך מיליאָנען איז ער אַ גאָט איבער אַלע געטער.

און אַזוי ווידער צוריק: אויב איינער פאַרמאָגט נאָר אַ ביסעל געלט, איז ער גלאַט אַ מענש, און אויב איינער פאַרמאָגט נאָך וועניגער געלט איז ער שוין אפילו קיין מענש ניט, נאָר אַ חיה, אָדער אַן עוף. און דערפאַר האָבען זיי ביי זיך מענשען, וואָס זיי רופען — לייבען, פערד, גענז און אַנדערע נעמען פון חיות און עופות. דערפאַר אָבער איז ביי זיי אַ פערד, וואָס איז אויסגעפּוצט אין אַ געשפּאַן פון גאָלד און זילבער אַ מלאך און מען דאַרף איהם אָפּגעבען כבוד פון אַ מלאך. און אַ הונט וואָס טראָגט אַ רייכען צוים אויפ'ן מויל, איז ביי זיי אַ שטערן, און אַזוי האָבען זיי ביי זיך געהאַט אַלערליי מלאכים און אַלערליי שטערען און מזלות. און יעדער גאָט האָט ביי זיי נעדאַרפט ארומפאָהרען אויף מלאכים און פאַר איהם און נאָך איהם האָבען געמוזט נאָכלויפען שטערען און מזלות...

און זיי האָבען ביי זיך אַזוינע היטער, וואָס גיבען אָנטונג, אַז טאָמער פאַרלירט עמיצער פון די מלאכים אָדער פון די געטער פון זיין רייכקייט, זאָל ער ווערען אויס מלך, אָדער אויס גאָט, אָדער ער זאָל גאָר ארויסגעוואָרפען ווערען פון דער פּאָהן, צו וועלכער ער איז געווען פאַרעכענט.

און זיי האָבען אויך אַזוינע מענשען, וואָס גלויבען אין די געטער און זענען זיך מקריב צו זיי...

און זיי האָבען אויך אַזוינע מענשען, וואָס זענען ניט קיין גלויביגע.

און די ניט גלויביגע מענשען ווערען רוצחים און גזלנים, און זיי גזלנ'ען אזוי לאנג ביז זיי ווערען רייך און ווערען געטער און הייסען זיך נאָכדעם ברייננגען קרבנות פון די מענשען וואָס ווערען גערופען חיות אָדער עופות...

און ווען דער בעל תפילה האָט דערהערט פון דער דאָזיגער ווילדער מדינה, האָט ער א שווערען קרעכץ געטון און האָט זיך אוועקגעלאָזט אהין, כדי צו העלפען יענע ווילדע מענשען.

און אז ער איז אָנגעקומען אהין אין דעם לאנד פון עשירות, איז ער פריהער אריין צו איינעם פון די מענשען וואָס איז דאָרטען פאַרעכענט פאַר א חיה, און ער האָט מיט איהם אָנגעהויבען צו רעדען, אז א מענש דאַרף וויסען וועגען דעם וואָס איז וויכטיגער פון אלץ אין דער וועלט. האָט איהם דערויף יענער גלייך געענט־פערט, אז ער ווייסט זעהר גוט וואָס עס איז דאָס וויכטיגסטע אין דער וועלט. דאָס וויכטיגסטע אין דער וועלט איז געלט. א מענש דאַרף זעהן צו האָבען זעהר א סך געלט און דאַרף שטענדיג זעהן צו האָבען אלץ מעהר און מעהר, וואָרים דורך געלט קען מען אפילו ווערען א גאָט און אָהן געלט איז מען א חיה.

האָט דער בעל תפילה זיך אודאי גענומען איהם דערווייזען, אז דאָס וויכטיגסטע אין לעבען איז תפילה. און אז דער וואָס טוט תפילה און ווייסט דעם ריכטיגען וועג פון תפילה, איז גאָר א פיעל בעסערער און רייכערער מענש פון דעם וואָס האָט געלט.

האָט זיך דער מענש פון איהם אויסגעלאַכט און האָט שוין מעהר ניט געוואָלט הערען וואָס ער רעדט.

האָט זיך דער בעל תפילה גענומען ווענדען צו די אנדערע מענשען פון דעם לאַנד עשירות.

האָבען איהם אויך יענע ניט געהערט און ניט געוואָלט הערען.

— מיר האָבען ניט קיין צייט פאַר אזוינע רייד, — האָבען זיי איהם אלע געענטפערט.

— ווי שיקט זיך אז מענשען זאָלען ניט האָבען קיין צייט צו הערען דאָס, וואָס איז דאָס וויכטיגסטע פאַר זיי אין זייער לעבען?...

האָבען זיי דערויף שנעל געענטפערט, אַז דאָס וויכטיגסטע אין לעבען איז געלט, און אַז דערפאַר טאַקע האָבען זיי קיין צייט ניט, ווייל זיי איילען זיך אריינצוקריגען וואָס מעהרער געלט.

האָט זיך דער בעל תפילה גענומען די זאַך זעהר שטאַרק צום הארצען, און ער האָט אָפּגעזיפצט און אָפּגעוואַרט א ווייל, און האָט זיך צו זיי נאָכדעם באַוויזען א גאַנץ אַנדערער, און האָט זיך נאָכדעם אויף א גאַנץ אַנדער אופן גענומען רעדען צו זיי וועגען תפילה.

און אַז די מענשען פון דעם לאַנד פון עשירות האָבען זיך אומגעקוקט, אַז זיי האָבען דאָ צו טון מיט איינעם וועמען מען קען ניט אָפּשטופען אזוי לייכט, וואָרים ער האָט אין זיך אזא מין כח, וואָס אַז ער שטעלט עמיצען אָפּ, מוז ער בלייבען שטעהן און הערען, איז זיי פון דעם געוואָרען זעהר שלעכט, האָבען זיי גענומען און האָבען איהם איינגעשפּאַרט אין תפיסה.

דערווייל אָבער האָט זיך מיט אַ מאָל געלאָזט הערען, אַז אויף דער וועלט איז אויפגעקומען א גרויסער גבור, וואָס האָט ארום זיך צונויפגענומען זעהר פיעל גבורים, און ער געהט מיט זיי אום איבער דער וועלט און נעמט איין מדינה נאָך מדינה, און אַז ער געהט איצט מיט זיין וועג צו דעם לאַנד פון עשירות.

און דער גבור איז געווען אַזא, וואָס פאַר איהם איז געגאַנגען זיין שם.

און זיין שם איז געווען, אַז ער איז ניט אַ גבור ווי די גבורים וואָס פאַר איהם, וואָרים ער זוכט ניט קיין זאַק רויב און ער האָט פיינט געלד און גאָלד און זילבער. נאָר ער וויל, אַז די מדינות זאָלען זיך איהם אונטערגעבען צוליעב אַ זעהר וויכטיגען ענין, וועגען וואָס ניט אַלע פאַרשטעהען... און די מדינות וואָס גיבען זיך איהם אונטער, טוט ער ניט קיין שלעכטס. נאָר די מדינות וואָס גיבען זיך איהם

ניט אונטער, לאָזט ער אַוועק אונטער דעם שאַרף פון זיין שווערד.
און אַז די איינוואוינער פון דעם לאַנד פון עשירות האָבן דערהערט
די דאָזיגע זאַך, איז אויף זיי אודאי אָנגעפאַלן אַ זעהר גרויסער
שרעק. זיי וואָלטען אונטערגעשטאַנען זיך אונטערצוגעבען צום
גבור, אָבער דאָס וואָס זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז ער האַלט ניט
פון געלט איז ביי זיי געווען ערגער פון אַלץ, וואָרים דאָס האָט
דאָך געהייסען, אַז ער האַלט ניט פון זייער אמונה. און פאַר דעם
זענען זיי געווען גרייט זיך מקריב צו זיין, וואָרים זיי האָבן זיך
געטראַכט: וואָס איז דען דער גאַנצער לעבען אין די גאַנצע וועלט,
אויב ניט דאָס געלט און דאָס גאָלד און דאָס זילבער?!

דערוויילע איז אָבער דער גבור מיט זיינע חילות געקומען אַלץ
נעהענטער צו זייער לאַנד. און ווי דעם גבור'ס שטיינער איז גע-
ווען, האָט ער געשיקט צו דעם לאַנד עטליכע פון זיינע גבורים, אַז
זיי זאָלען פריהער אויפאָדערען די איינוואוינער פון דעם דאָזיגען
לאַנד — זיי זאָלען זיך אונטערגעבען.

און ווי נאָר דער בעל תפילה האָט דערהערט פון דער דאָזיגער
זאַך, איז פון איהם גלייך ווי אַ שלייער אַראָפּגעפאַלען. ער האָט
מיט אַ מאָל אין זיך דערפיהלט אַ גאָר נייעם און גרויסען כח, און
ער האָט זיך געהייסען אַרויספיהרען פון געפענגעניש, וואָרים ער
האָט עפּעס אַזוינס צו זאָגען צו די באַוואוינער פון דעם דאָזיגען
לאַנד, וואָס קאָן זיי העלפען אין זייער איצטיגען אומגליק.

האָט מען איהם אַרויסגעפיהרט אויפ'ן מאַרק-פּלאַץ, און עס
האָבען זיך אַרום איהם פאַרזאַמעלט אַ סך מענשען צו הערען וואָס
עס זענען די ווערטער, וואָס ער האָט זיי איצטער צו זאָגען.

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— הערט אויס איהר צושראָקענע באַוואוינער פון דעם דאָזיגען
לאַנד פון רייכקייט. הערט אויס די מעשה וואָס איך האָב אייך צו
דערצעהלען; הערט אויס די מעשה וואָס האָט געדרימעלט אין מיר,

ווי עס דרימלען פרוכטבארע וואַרצלען אין דער ווינטערדיגער ערד; הערט אוים די מעשה וואָס איז אין מיר אויפגעשפּרונגען ווי א לייב, וואָס וויל זי. שטייג צוברעכען, וואָרים ווי עס דערפיהלט די ערד איהר פרוכטבארקייט מיט די ווינטען פון אָנהויב זומער, ווי די ערד נעהמט זיך שפּרייטען מיט גרינס נאָך די ערשטע זומער רעגענס, ווי די לופט ווערט פול מיט פרישע ריחות און מיט געשרייען פון די ניי אָנגעקומענע זומער פויגעל, אזוי האָט מיט א מאָל גענומען פיהלען מיין הארץ, ווען איך האָב דערהערט וועגען דעם אָנקומען פון דעם גרויסען גבור, וואָרים ער זעהט אוים צו זיין דער גבור, דער שני למלך פון דעם מלך פון דעם לאנד פון אלע לענדער.

וואָרים אמאָל איז אויף דער וועלט געווען א לאנד, וואָס האָט אין זיך כולל געווען אלע לענדער. און אין דעם לאנד איז געווען א גרויסער און ליכטיגער מלך, וואָס פלעגט זיך שטענדיג אויפ־האלטען אונטער פאָרהאנגען, וואָרים זיין ליכטיגקייט איז אזא, אז קיינער איז ניט געווען שטארק גענוג דאָס צו זעהן.

אָבער ווען די מענשען איבער וועלכע עס האָט געהערשט דער מלך פון דעם לאנד פון אלע לענדער האָבען גענומען זינדיגען, איז דער מלך פאראונגליקט געוואָרען...

דער ערשטער אונגליק פון דעם ליכטיגען מלך איז געווען, אז זיין איינציגער זוהן, דער שענער בן מלך, איז פארביטען געוואָרען אין דעם טאָג פון זיין געבורט. און אן אנדערער האָט גענומען וואק־סען אויף זיין אָרט...

דער צווייטער אומגליק האָט געטראָפען גלייך נאָכ'ן ערשטען, וואָרים דער מלך האָט פון זיך פארטריבען זיין טאָכטער, די שענע בת מלכה, אין א בייזער שעה, און האָט זיך נאָכדעם ניט געקאָנט טרייסטען.

האָט דעם מלך'ס שני למלך, דער גבור, ניט געקאָנט צוזעהן דעם מלך'ס צער, האָט ער זיך אויסגערופען — ער וועט געהן אויפ־

זוכען די בת מלכה איז ער דערווייל אוועק און איז נאָך ביז איצט ניט געקומען...

און דער שני למלך איז געווען אזא גרויסער גבור, אז זיין גבורה האָט צו זיך גאָר קיין גלייכען ניט געהאַט.

די גרויסע גבורה איז געקומען צום גבור דורכדעם, וואָס ער איז אליין געווען אן אמת׳ער גבור, ווארים עס איז אלעמאָל געווען תפילה אין זיין גבורה, האָט איהם דערפאַר דער מלך ליעב געקראָגען און האָט איהם געוויזען דעם וועג צום קוואל פון גבורה. איז דער שני למלך דורכדעם געוואָרען דער גרעסטער גבור אין דער וועלט. וואָרים ער האָט געקראָגען אזא כח, אז ווי נאָר ער הויבט אויף דעם שווערד אין זיין האנד, אזוי צולויפען זיך אלע עלטסטע פון דעם שונא׳ס חיל, און דאָס חיל ווערט צוטומעלט. און גיט ער א מאַך מיט איין שארף פון זיין שווערד קריגען די חיילות די דאַר; און גיט ער א מאַך מיט׳ן צווייטען שארף פון זיין שווערד נעמען די חיילות פאַלען ווי פליגען אין אָנהויב ווינטער.

און אזוי האָט אויך דער מלך געהאַט א מליץ. און דער מליץ אליין איז אויך געווען א גרויסער מליץ, ווארים עס איז געווען תפילה אין זיינע שענע רייד, האָט איהם דערפאַר דער מלך אָנ־געוויזען דעם וועג וואָס פיהרט צום קוואל פון שעהנקייט. און זיינע רייד האָבען געקומען טריפען ווי א באַפרוכטענדער רע־גען און זיינע רייד האָבען גענומען פליסען ווי אמת׳ער וויין.

און אזוי האָט דער מלך אויך געהאַט א גרויסען חכם, וואָס איז אליין אויך געווען א חכם, און אזוי ווי עס איז געווען תפילה אין זיין חכמה, האָט איהם דערפאַר דער מלך ליעב געקראָגען און האָט איהם אויסדערוועהלט און האָט איהם אָנגעוויזען דעם קוואל פון חכמה און דער חכם איז דורכדעם געוואָרען דער גרעסטער חכם אין דער וועלט.

און אזוי האָט דער מלך אויך געהאַט א האר, וואָס האָט אין

זיך געהאַט זעהר פיעל פון דעם גרויסען כח פון ליעבע, זיין ליעבע איז געווען ווי אַ גרויסע און ליכטיגע תפילה, און זי איז געווען אָנגעקניפּט אין דעם מלך׳ס הויז ווי די זון אין דעם באַטאָגיגען הימעל און האָט געפינקעלט ווי די שטערען און די לבנה אין דעם הימעל פון אַ נאַכט וואָס איז ליכטיג. דער דאָזיגער האַר איז דאָס געווען דעם מלכ׳ס אוהב נאמן און דער מלך האָט איהם אויך זעהר ליעב געהאַט, און ער האָט איהם דערפאַר אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פיהרט צו דעם קוואַל פון ליעבע, און זיין ליעבע איז דורכדעם געוואָרען אַזוי גרויס, אַז עס קאָן גאָר צו איהר קיין גלייכען ניט געמאָלט זיין.

און אַזוי האָט אויך מיר דער מלך אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פיהרט צו תפילה, וואָרים ער האָט צו מיר געזאָגט, אַז אָהן תפילה האָט קיין זאַך קיין האַפט ניט, אַז וואָס מעהר תפילה עס איז דאָ אין אַ זאַך אַלץ גרעסער איז איהר טואונג, אַלץ ווייטער איז איהר גאַנג.

דערווייל אָבער האָט זיך אונטערגערוקט דער גרויסער אומ־גליק, וואָרים אונזער גבור איז ניט געווען, און אַז עס איז געקומען די צייט, אַז יעדער איינער פון אונז האָט באַדאַרפט געהן אין זיין אָרט צו באַנייען זיין כח, איז ווי מיר האָבען זיך צושייד און יעדער פון אונז איז אַוועק אויף זיין וועג, אַזוי האָט אויף דער וועלט אויס־געבראָכען אַ גרויסער שטורעם... און דער שטורעמווינד האָט אי־בערגעמישט גאָר די וועלט, און ער האָט געמאַכט פון ים טרוקעניש און פון טרוקעניש — ים. און ער איז אַריין אין דעם הויז פון מלך, און ער האָט צושטערט דאָס גאַנצע הויז... און אין מיטען דעם שטו־רעם האָט די מלכה דערהערט דאָס שרייען פון איהרע פאַרלאָרענע קינדער, און עס איז איהר צוריק אַריין די מילך אין ברוסט און זי האָט זיך געלאָזט לויפען נאָך די געשרייען און זי איז ערגעץ פאַר־

פאַלען געוואָרען. און אַזוי איז ערגעץ אויך דער מלך אַוועק און מען ווייסט ניט וואו...

און אַזוי זענען מיר אַלע צושפרייט געוואָרען און מיר האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע ניט געקאָנט געפינען, כאָטש מיר האָבען זיך זעהר לאַנג ארומגעזוכט.

ווארים אויף דער וועלט איז נאָך דער איבערקערעניש געקומען אַ שרעקליכע פאַרבלענדעניש.

ווארים, אַז איך בין שוין אַפילו געקומען צו אַן אָרט, וואו איך האָב מיט מיינע אויגען געזעהן דעם מלך'ס קרוין און איך האָב געוואוסט, אַז דאָ מוז ערגעץ זיין דער מלך, האָב איך אָבער דעם מלך פאַרט ניט געקאָנט זעהן און געפינען.

און אַזוי בין איך ווייטער געגאַנגען, ביז איך בין געקומען צו אַ פּלאַץ איבער וועלכען עס האָבען זיך געשפּרייט טייכען מילך און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די טייכען קומען געוויס פון דער מלכה'ס מילך, ווארים מיר האָבען אַלע געוואוסט, אַז זינט זי איז געוואָר געוואָרען, אַז דער בן מלך איז אַ פאַרביטענער, — אַז זי האָט אויסגעזויגען ניט דעם אמת'ען בן מלך, פלעגט איהר פון מאָל צו מאָל צוריק קומען די מילך. און די מילך פלעגט נעהמען שפּאַרען צו דער ברוסט און פלעגט נעהמען רינען אין טייכען... און כאָטש איך בין איצט פאַרבייגעגאַנגען די דאָזיגע טייכען, פון רעסטוועגען האָב איך די מלכה אַליין ניט געקאָנט זעהן און געפינען.

און אַזוי בין איך אויך פאַרביינגעגאַנגען אַן אָרט, וואו איך האָב דערזעהן און דערקאָנט די גאָלדענע האָר פון דעם אמת'ען בן מלך, אָבער דעם בן מלך אַליין האָב איך ניט געקאָנט זעהן און געפינען.

און איך בין אויך צוגעקומען צו אַ ים פון בלוט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער ים איז דאָס געוויס געוואָרען פון דער בת מלכה'ס בלוטיגע טרערען, אַז זי זיצט דאָ ערגעץ ניט ווייט און

וויינט אויף איהר גרויסען אומגליק, וואָס נאָך אזוי פיעל לאַנגע יאָהרען פון בײנקען און האָפען, אז אָט אָט וועט זי אויפגעזוכט ווערען, און באפרייט ווערען, און געבראַכט ווערען צוריק אין דעם הויז פון איהר פאָטער, איז גאָר דאָס גאַנצע הויז צושטערט געווארען. און כאָטש איך האָב געזעהן דעם ים פון איהרע בלוטיגע טרערען, און האָב גוט געוואוסט, אז איך בין ערגעץ ניט ווייט פון איהר, פונדעסטוועגען האָב איך זי אליין ניט געקאָנט זעהן און געפונען.

און אזוי בין איך אויך פאַרבייגעגאַנגען א ים פון וויין און האָב געוואוסט, אז דאָס איז געווים פון די רייד פון דעם מליץ, אז דאָס מוז ער דאָ ערגעץ זיין און ריידען אזוי פיעל טרייסט ווערטער פאַר עמיצען פון דעם מלך׳ס הויז, פון דעסטוועגען האָב איך איהם אליין ניט געקאָנט זעהן און געפינען.

און אזוי בין איך אַלץ ווייטער געגאַנגען ביז איך האָב דער־זעהן אַן אויסגעשטרעקטע האַנט און איך האָב דערקאָנט, אז דאָס איז די האַנט פון אונזער חכם, און איך האָב דערזעהן ווי אין די קנייטשען און אין די צייכענס פון דער האַנט זענען געווען אויס־געקריצט אַלע וועגען פון דער וועלט, אָבער איך בין געגאַנגען און געגאַנגען און דעם חכם אליין האָב איך ניט געקאָנט זעהן און גע־פינען.

און אזוי בין איך אויך פאַרבייגעגאַנגען א באַרג, אויף וועלכען עס זענען געשטאַנען די גילדערנע טישען מיט די אוצרות פון דעם מלך, אָבער דעם ממונה איבער די אוצרות האָב איך פאָרט ניט גע־קאָנט זעהן און געפונען.

און איך בין אויך פאַרבייגעגאַנגען אַן אָרט, וואו איך האָב גע־זעהן ליגען דעם בויגען פון אונזער גבור, אָבער דעם גבור אליין האָב איך אויך ניט געקאָנט זעהן און געפינען.

און אזוי ביז אויף היינטיגען טאָג.

מיט דער צייט האָט ייזדער פון אונז זיך גאָר אָפגעוואוינט צו טראַכטען פון דעם גרויסען אומגליק, ביז מיר האָבען כמעט אינ־גאַנצען פאַרגעסען ווער מיר זענען און פון וואַנען מיר שטאַמען.

און קיינער פון אונז קאָן שוין גאָר מעהר ניט געהן צו דעם אָרט וואו ער קאָן באנייען זיין כח, וואָרים די וועלט איז דאָך שוין געוואָרען אַן איבערגעקעהרטע און מען דאַרף שוין איצט האָבען גאָר אַנדערע וועגען...

אָבער דאָס ביסעל כח, וואָס איז ביי איטליכען פון אונז גע־בליבען פון לאַנג, איז נאָך אויך זעהר גרויס.

און דעריבער, ווי נאָר איך האָב דערהערט פון דעם אָנקומען פון דעם גרויסען גבור, ווי נאָר איך האָב דערהערט פון זיינע וועגען און פון זיינע טואונגען, אַזוי האָט פאַר מיר גלייך אויפגעשיינט די גאַנצע מעשה, אַזוי האָב איך גלייך אויפגעציטערט מיט אַ גרויס ציטערניש, וואָרים אַ גרויס ליכט איז מיט אַ מאָל אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגען, וואָרים איך האָב דערפיהלט, אַז עס קומט די צייט ווען עס נעמט זיך צוריק אויפבויען דאָס הויז פון דעם מלך, עס נעמט זיך צוריק אויפשטעלען דאָס לאַנד וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, עס נעמען זיך אויפזוכען דעם מלך'ס הויזגעזינד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז די איינוואוינער פון דעם לאַנד פון עשירות די מעשה פון דעם בעל תפילה זעהר געפעלען געוואָרען, אָבער דאָס ערשטע פון וואָס זיי האָבען גענומען טראַכטען נאָך דער דאָזיגער מעשה איז געווען, אַז זיי דאַרפען זיך איצט אַלע לאָזען זוכען דעם בארג, וואו עס שטעהען די גילדערנע טישען מיט די אוצרות פון דעם מלך, וואָרים, זיי האָבען זיך געזאָגט, אַז די אוצרות פון אַזאַ מלך דאַרפען דאָך געוויס ווערט זיין זעהר פיעל געלט!...

און אַז דער בעל תפילה האָט דאָס דערהערט, האָט ער צו זיי אויסגעשריען:

וועה צו אייך און וועה צו אייער נארישען שכל! ווי טיעף איהר זענט פארזינקען אין אייער תאוה צו געלט, אז אפילו ווען מען דערצעהלט אייך פון דעם גרויסען און ליכטיגען מלך האָט איהר נאָר אין זינען זיינע גאָלדענע טישען... איהר זענט דאָך גלייך צו גנבים, וואָס מען פיהרט צו באוואונדערען די שעהנקייט פון דעם מלך׳ס הויז, און זיי האָבען נאָר אין זינען צו קוקען אויף זאכען וואָס מען קאָן ליינגען אין קעשענע.

און אז די מענשען האָבען דערהערט אזוינע רייד, זענען זיי אָנגעפאלען אויף דעם בעל תפילה און האָבען איהם נאָר געוואָלט הרג׳ענען.

זענען אָבער דערביי אויך געווען די שלוחים וואָס דער גבור האָט געשיקט אין לאנד כדי צו וואָרענען די איינוואוינער, אז זיי זאָלען זיך בעסער אונטערגעבען, האָבען זיי זיך איינגעשטעלט פאר דעם בעל תפילה. און איינער פון זיי האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט צו זיי אזוי געזאָגט:

דער בעל תפילה האָט אייך דאָ דערצעהלט, וואָס עס איז געווען איידער אויף דער וועלט איז געקומען דער גרויסער שטורעם. און איך וועל אייך דערצעהלען, וואָס עס איז געווען אויף דער וועלט נאָך דעם גרויסען שטורעם. וואָרים מיר האָבען אזוינע ביכער וואו עס איז פארשריבען, ווי אזוי די וועלט האָט זיך אָנגעהויבען איינ־טהיילען נאָך דעם גרויסען שטורעם.

וואָרים נאָכ׳ן גרויסען שטורעם, ווען עס האָבען זיך צונויפ־געזאמעלט אלע מענשען פון דער וועלט און זיי האָבען גענומען טראכטען, אז זיי דארפען האָבען א מלך, האָבען זיי זיך פאנאנדער־געטהיילט אין זייערע דעות.

פון אָנהויב האָבען זיי אלע געהאט איין דעה, וואָרים זיי האָבען אלע געזאָגט, אז מען דארף האָבען א מלך, און אז דער מלך דארף זיין אזא, וואָס פארשטעהט דעם תכלית פון דער וועלט. נאָר

ווען זיי האָבען גענומען צווישען זיך קלאָהר ווערען אין וואָס עס באשטעהט דער תכלית פון דער וועלט, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז עס זענען דאָ זעהר אַ סך דעות. און איבער די דאָזיגע דעות זענען די מענשען צוטיילט געוואָרען אין אַ סך כתות.

אַ טהייל מענשען האָבען געזאָגט, אז דער תכלית פון דעם מענשענ'ס לעבען אויף דער וועלט איז כבוד, וואָרים יעדער מענש זוכט דאָך צו קריגען כבוד, און קיין מענש קאָן ניט פאַרליידען, אז מען זאָגט עפּעס קעגען זיין כבוד... און אפילו נאָך עמיצענס טויט זוכען מענשען אויך אָפּצוגעבען כבוד. איז דאָך דערפון גערדרינגען, אז כבוד איז דער עיקר תכלית. און די דאָזיגע מענשען וואָס האָבען געהאַט אַזאַ דעה האָבען זיך אויסגעטהיילט פון די אנדערע מענשען, און זיי האָבען פון זיך געמאַכט אַזאַ כתה, און זיי זענען אוועק צו זוכען פאַר זיך אַ מלך. זענען זיי אַזוי לאַנג געגאַנגען, ביז זיי האָבען באַגעגענט אַן אַלטען בעטלער, אַ ציגיינער מיט זעהר פיעל ציגיינערס. דער אַלטער בעטלער איז שוין געוועזען שטום און בלינד און קרום, נאָר די עטליכע הונדערט ציגיינער וואָס זענען געגאַנגען מיט איהם, זענען אָבער אַלע געוועזען זיינע קינדער און קינדס־קינדער. האָבען זיי דערפאַר אַלע געפאָלגט זיינע באַפעהלען. און זיי האָבען איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד. און איהם איז דאָס נאָך אַלץ קאַרג געווען, און ער האָט נאָך אַלץ פאַר־איינס געוואָלט מעהר און מעהר כבוד, און האָט זיך אַלץ געהאַלטען אין איין כעס'ען, און האָט אַלע מאָל פאַרלאַנגט, אַז דער זאָל איהם טראָגען, דער — ברייננגען, דער — דערלאַנגען... און אַז די כתה וואָס האָט געגלויבט, אַז דער עיקר תכלית פון דער וועלט איז כבוד, האָט דאָס דערזעהן ווי פיעל כבוד דער בעטלער האָט און ווי שטאַרק ער יאָגט זיך נאָך אַלץ מעהר און מעהר כבוד, האָבען זיי ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער איז דאָס דער ריכטיגער מלך פון כבוד, און זיי האָבען איהם דערפאַר אויפגענומען פאַר אַ מלך איבער זיך. און זיי האָבען פאַר זיך אויפגעזוכט אַ

לאַנד, און זיי האָבען זיך דאָרט באַזעצט און באַפעסטיגט מיט זייער מלך.

און אַנדער כתה ווידער האָט געזאָגט, אַז דער תכלית פון דער וועלט איז ניט כבוד, נאָר פאַרלענדונג. וואָרים מיר זעהן דאָך אַז אַלץ, וואָס איז דאָ אין דער וועלט, סיי אין גראָז, סיי אין פרוכטען, סיי אין חיות סיי אין מענשען, ווערט צום סוף פאַרלענדט... האָבען זיי זיך אויך אָפּגעטיילט פון די אַנדערע מענשען און זענען אַוועק זוכען אַ מלך פאַר זייער כתה. ווי זיי זענען אַזוי געגאַנגען האָבען זיי מיט אַ מאָל דערהערט אַ גרויס געשריי. האָבען זיי געפרעגט: — וואָס איז דאָס פאַר אַ געשריי? האָט מען זיי געענטפערט און געזאָגט, אַז דאָס האָט איינער נאָר וואָס געקוילעט זיין אייגענעם פאָטער און זיין אייגענע מוטער, און זיין ווייב, און זיינע קינדער. און אַז די מענשען פון דער כתה האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך אָנגערופען און האָבען געזאָגט:

— יעדער רוצח דינט דאָך דעם אמת'ען תכלית פון דער וועלט, ווייל ער דינט דאָך דעם תכלית פון פאַרלענדונג, אָבער דער דאָזיגער איז דאָך אודאי זעהר אַ גרויסער רוצח. און מען קאָן זיך שוין גאָר קיין גרעסערען רוצח פון איהם ניט פאָרשטעלען.

און זיי זענען געגאַנגען און האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיך, און זיי האָבען פאַר זיך אויפגעזוכט אַ לאַנד, וואָס זאָל זיך פּאַסען פאַר זיי. און זיי האָבען זיך דאָרט באַזעצט און באַפעסטיגט מיט זייער מלך.

נאָך אַנדערע האָבען זיך אויסגעטיילט אין אַ בעזונדער כתה דערפאַר וואָס זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז אַ שעהנע פרוי ברייגגט צום עיקר תכלית פון דער וועלט, און זיי זענען דעריבער געגאַנגען און האָבען פאַר זיך אויפגעזוכט אַ זעהר שעהנע זונה און האָבען זי געמאַכט מלך איבער זיך.

און אַנדער כתה האָט געזאָגט, אַז דער חלוק צווישען מענשען

און בהמה איז דאָך אין דעם, וואָס א מענש קאָן ריידען און א בהמה קאָן ניט. איז דאָך דערפון געדרונגען, אז דער עיקר תכלית פון דעם מענשען איז דאָס ריידען. זענען זיי געגאַנגען און האָבען פאַר זיך געזוכט א מלך, ביז זיי האָבען באַגעגענט א פאַרווירטען מענשען, וואָס האָט אַליין געהאַלטען אין איין ריידען צו זיך אַליין, און דערצו האָט ער נאָך גערעדט אויף פאַרשיעדענע לשונות. איז ער זיי זעהר געפעלען געוואָרען. וואָרים וואָס מעהר לשונות איינער רעדט, אַלץ מעהר שייד ער זיך דאָך אָפּ פון א בהמה, און דערצו האָט ער דאָך נאָך זייער פערשטאַנד זעהר שטאַרק ליעב צו ריידען, וואָרים ער רעדט דאָך אפילו צו זיך אַליין. האָבען זיי איהם דערפאַר אויפגענו־מען פאַר א מלך איבער זיך און האָבען זיך מיט איהם באַזעצט און באַפעסטיגט אין א לאַנד.

איין כתה ווידער איז געווען אזא, וואָס האָט געדרונגען, אז דער תכלית פון דער וועלט איז פרייד, וואָרים ווען א מענש ווערט געבוירען איז א פרייד, ווען א מענש האָט א חתונה, איז א פרייד, און ווען מען נעמט אָפּ א מדינה, איז א פרייד. איז דאָך דערפון גע־דרונגען, אז פרייד איז די גרעסטע זאַך אין דער וועלט. דעריבער דאַר־פען זיי פאַר א מלך איינעם וואָס איז שטענדיג פרעהלאַך. האָבען זיי אָנגעטראָפען א גוי, וואָס איז געווען אָנגעטון אין א צוריסע־נער העמד און אין צוריסענע לייווענטענע פּלידערען, נאָר ער האָט אין איין האַנד געטראָגען א פלאַש בראָנפען, און האָט געטאַנצט און איז געווען זעהר פרעהלאַך, און נאָך איהם זענען נאָכגעגאַנגען א סך גוים און ער האָט זיי אַלע געמאַכט פרעהלאַך מיט זיינע שטיק, וואָרים ער איז געווען שיכור. האָט די כתה ביי זיך אָפּגעמאַכט, אז ער איז דער ריכטיגער מענש, וואָרים כאָטש ער איז אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען איז ער אַליין פרעהלאַך און מאַכט נאָך אנדערע פרעהלאַך. און ער איז זעהר געפעלען געוואָרען אין זייערע אויגען. און זיי האָבען איהם געקרוינט פאַר א מלך איבער זיך און זיי האָ־

בען אויפגעזוכט אַן אָרט וואו עס וואַקסען אַ סך וויינטרויבען. און זיי האָבען זיך דאָרט באַזעצט און באַפעסטיגט מיט זייער מלך.

אנדערע ווידער האָבען געזאָגט, אַז דער תכלית פון דער וועלט איז חכמה. האָבען זיי פאַר זיך אויפגעזוכט אַ גרויסען חכם און האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיך.

און נאָכדעם האָט דעם גבור'ס שליח, וואָס האָט זיי דאָס אַלץ דערצעהלט, זיך אָנגערופען:

עס זענען אודאי געווען נאָך פיעלע אנדערע כתות. וואָרים אָט זעהן מיר דאָך, אַז איהר זענט אַ כתה וואָס גלויבט, אַז געלט איז דער עיקר תכלית פון דער וועלט. אָבער די אַנדערע כתות זענען אין אונזערע ביכער נאָך ניט פאַרשריעבען. די לעצטע כיתה וואָס איז אין אונזערע ביכער פאַרשריעבען, איז די כיתה פון די גרויסגלידערדיגע. און די גרויסגלידערדיגע זענען מיר אליין, ווייל מיר האָבען געזאָגט, אַז דער עיקר תכלית פון דעם מענשענס לעבען איז צו גרויסען די גלידער, כדי מען זאָל פאַרנעמען וואָס מעהר אָרט אין דער וועלט. און דעריבער איז עסען און טרינקען אויך אַ טהייל פון דעם תכלית פון דער וועלט, ווייל דורך עסען און טרינקען גרויסען זיך די גלידער. און מיר האָבען זיך אויפגעזוכט אַזוינעם וואָס עסט אַ סך און האָט גרויסע גלידער, וואָרים אַזוינער האָט דאָך מעהר חלק אין דער וועלט פון אַלע אַנדערע. און מיר האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיך.

איינמאָל אָבער ווען מיר, די גרויסגלידערדיגע, האָבען מיט זיך מיטגענומען אַ סך עסען און טרינקען און האָבען זיך געלאָזט איבער דער וועלט אינאיינעם מיט אונזער מלך, און מיר האָבען אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף דער גאַנצער וועלט מיט אונזער גרויסקייט, איז אונז אַנטקעגען געקומען אונזער איצטיגער גבור. און כאָטש די גאַנצע וועלט האָט זיך געשראָקען פאַר אונז, האָט ער זיך פאַר אונז ניט געשראָקען, און ער האָט אונז אָפּגעשטעלט אויף אין מיטען וועג.

און ער האָט אונז צוטהיילט, אהין און אהער. און ער איז אריין צווישען אונזערע וואָגענס מיט עסען. און ער האָט אויפגעגעסען און אויסגעטרונקען אלץ וואָס מיר האָבען מיט זיך געפיהרט פאַר דער גאַנצער מחנה... איז דאָס פאַר אונז געווען אַ גרויס וואונדער, זענען מיר פאַר איהם אַלע גלייך אַנידערגעפאַלען און מיר האָבען זיך געבוקט צו איהם און מיר האָבען איהם געמאַכט פאַר מלך איבער אונז. און ער פיהרט דאָס אונז איצט אום איבער דער וועלט. און ער נעמט איין לענדער און ער זוכט ניט קיין גאָלד און זילבער, ווייל ער האָט דאָס פיינט, און ער נעמט ניט קיין אנדער זאַך רויב. נאָר ער טוט דאָס צוליעב עפּעס אַן אנדער זאַך און אין וואָס די זאַך באַשטעהט זאָגט ער אונז ניט. נאָר מיר מוזען געהן מיט איהם און מיר מוזען איהם פאָלגען. און וועה וועט זיין צו אייך ווען איהר וועט זיך ניט אָפּזאָגען פון אייער נאַרישען שכל. און טויזענד מאָל וועה וועט זיין צו אייך, אויב איהר וועט זיך אנטקעגען שטעלען. ווארים דעמאָלט וועט ער איבער אייך אויפ־הויבען זיין גרויסען, שאַרפען שווערד, וואָס האָט אין זיך די דריי מדות, פון וועלכער דער בעל תפילה האָט אייך דאָ דערצעהלט, און ער וועט אייך אָפּווישען פון דעם פנים פון דער ערד.

האָבען זיך די מענשען פון דעם לאַנד פון עשירות זעהר שטאַרק דערשראָקען פאַר די רייד פון דעם שליח און זיי האָבען גענומען בעטען דעם בעל תפילה, אַז ער זאָל פאַר זיי געהן מיט די שלוחים צום גבור, און זאָל ביי איהם בעטען פאַר זיי, אַז ער זאָל זיי אָפּ־וואַרטען אַ געוויסע צייט, ביז זיי וועלען זיך איבערלייגען און איהם געבען ענטפער.

איז דער בעל תפילה מיט די שלוחים אוועק צום גבור.

און ווי דער בעל תפילה איז אַזוי געגאַנגען אויפ'ן וועג מיט די שלוחים פון דעם גבור, האָבען זיי אָנגעטראָפען אַ גרויסע כיתה וואָס האָט געגלויבט, אַז דער עיקר תכלית איז תפילה. די

דאָזיגע כיתה האָט שוין ביי זיך געהאַט אַ מלך, אַ בעל תפילה, נאָר ווען זיי האָבען דערזעהן דעם אמת'ען בעל תפילה, וואָס ניט גראָד זיין דאַווגען, נאָר אַלע זיינע טואונגען זיינען געווען תפילה. האָבען זיי אינאיינעם מיט זייער מלך איינגעזעהן, אַז ער פּאַסט זיך בעסער צו זיין מלך איבער זיי, און זיי האָבען איהם געמאַכט פאַר זייער מלך.

האָט דער בעל תפילה אין דעם נאָכאַמאָל געזעהן אַ סימן, אַז עס קומט די צייט ווען עס הויבט זיך צוריק אָן אויפשטעלען די גרויסקייט פון דעם אמת'ען מלך, די גרויסקייט פון דעם לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער...

און ווען דער בעל תפילה איז געקומען צום גבור און זיי האָבען זיך דערקאָנט, איז די שמחה אודאי געווען זעהר גרויס. און דער גבור האָט דערצעהלט דעם בעל תפילה אַלץ וואָס מיט איהם האָט געטראָפען און ווי אַזוי, נאָכדעם ווי ער איז געלאָפען ווי אַ הירש מיט דער כלי אויף זיינע צוצווייגטע הערנער, האָט ער פּלוצלינג פאַרגעסען צו האַלטען זיינע אויגען צו מזרח געווענדט. און ווי נאָר ער האָט אַוועקגענומען זיינע אויגען פון מזרח, אַזוי האָט מיט אַ מאָל אויסגעבראָכען דער גרויסער שטורעם און עס האָט איהם גענומען טראָגען אין דער לופטען, ביז ער איז געוואָרען אַזוי ווי ער איז, און האָט גענומען פאַלען אַראָפּ. און האָט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן ווי די טייערע כלי, וואָס איז געווען איינגעוויקעלט אין דער בת מלכה שלייער, איז ווייטער געפלויגען אין דער לופטען און איז ערגעץ פאַרשוואונדען געוואָרען...

און די לייט פון דעם לאַנד פון עשירות, וואָס האָבען זיך אָפּגעבעטען ביי דעם גבור אויף אַ באַשטימטער צייט, האָבען זיך צוריפגענומען און האָבען גענומען טראַכטען וואָס צו טון. און עס איז ביי זיי געבליבען, — אַזוי ווי ערגעץ ווייט פון זיי איז פאַראַן נאָך אַ לאַנד וואָס גלויבט אויף אַז דער עיקר תכלית פון דער וועלט

איז געלט, נאָר יענע זענען זענען דאָרט שוין אַזוי רייך, אַז זיי זענען שוין אַלע געטער, און די פערד אויף וועלכע זיי פאָהרען זענען אַלע לויטער מלאכים, וועלען זיי דעריבער געהן צו יענעם לאַנד וואָס איז פול מיט מלאכים און מיט געטער און וועלען ביי זיי בעטען, אַז זיי זאָלען זיי העלפען פון די הענט פון דעם גבור, וואָס איז געגען זייער אמונה.

האָבען זיי פון זיך אויסגעקליבען שלוחים און האָבען זיי גע־שיקט צו יענעם לאַנד.

ווי אָבער די שלוחים זענען געווען אויפ'ן מיטען וועג, האָבען זיי אָנגעטראָפען אַ זעהר הויכען מענשען. דער מענש האָט געטראָ־גען אַזאַ מין מאָדנעם הוט, און אַזאַ מין הויכען שטעקען. און דער הוט מיט דעם שטעקען זענען געווען באַזעצט מיט די טייערסטע דימאַנטען אין דער וועלט, און מיט אַזוינע אַנדערע טייערע שטיי־נער, וואָס ווען מען זאָל צונויפנעמען דאָס גאַנצע רייכטום פון זייע־רע געטער מיט דעם רייכקייט פון די געטער וואָס געפינען זיך אין דעם לאַנד וואוהין זיי געהן נאָך הילף, וועט דאָס רייכקייט פון דעם הוט מיט דעם שטעקען אַריבערוועגען זייערע אַלעמענס רייכקייט.

און אַז די שלוחים פון דעם לאַנד פון עשירות האָבען דאָס דערזעהן, זענען זיי גלייך געפאַלען אויף זייערע פנימ'ער פאַר דעם ראָזיגען גרויסען מענשען, וואָרים נאָך זייער נאַרעשען שכל איז דאָך אויסגעקומען, אַז דער ראָזיגער גרויסער מאַן מיט דעם מאָד־נעם הוט און הויכען שטעקען מוז אודאי זיין דער גאָט איבער אַלע געטער פון אַלע לענדער.

און דער ראָזיגער גרויסער מאַן מיט'ן הויכען שטעקען איז דאָס געווען דער ממונה איבער די אוצרות פון דעם גרויסען מלך.

און אַז דער ממונה האָט דערזעהן, אַז זיי חרוש'ען זיך אַזוי שטאַרק איבער דער רייכקייט פון זיין הוט און פון זיין שטעקען

האָט ער זיי גענומען און האָט זיי אַוועקגעפיהרט צו דעם באַרג וואו עס זענען געשטאַנען די גאָלדענע טישען מיט דעם מלך׳ס אוצרות.

און אַז די לייט פון דעם לאַנד פון עשירות האָבען דערזעהן די דאָזיגע אוצרות צו וועלכע עס קאָן גאָר אויף דער וועלט קיין גלייכען ניט זיין, האָבען זיי זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָבען גענומען שטרעקען זייערע הענט צו די טישען... ווי נאָר אָבער זיי האָבען געוואָלט אָננעהמען אַ זאַך אויף צו באַהאַלטען אין זייערע קליידער האָט זיי דער גאָלדענער טיש אָפּגעוואָרפען פון זיך אויף עטליכע מיילען....

זענען זיי ווידער געפאַלען דעם ממונה צו די פיס און זיי האָבען איהם גענומען בעטען ער זאָל געהן מיט זיי אין זייער לאַנד און זאָל הערשען און געוועלטיגען איבער זיי, וואָרים זיי דאַרפען איצט האָבען אַזאַ גרויסען גאָט איבער זיך. וואָרים אַ זעהר שרעקליכער גבור איז געקומען אויף זייער לאַנד און זיי האָבען ניט ווער עס זאָל זיי ראַטעווען פון זיינע הענט.

האָט דער ממונה ביי זיי גענומען פרעגען ווער עס איז דער דאָזיגער שרעקליכער גבור? — האָבען זיי איהם דערצעהלט אַלץ וואָס זיי האָבען געהערט וועגען גבור פון דעם בעל תפילה. און אַז דער ממונה האָט דאָס דערהערט, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ווייזט אויס געקומען די צייט ווען עס הויבט זיך ווידער אָן צונויפשטעלען דאָס לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער, עס הויבט זיך אָן אויפבויען דאָס צושטערטע הויז פון דעם מלך.

און ער האָט זיך אָנגערופען צו די שלוחים פון דעם לאַנד פון עשירות און האָט צו זיי געזאָגט:

— יאָ, איך וועל געהן מיט אייך און איך וועל אייך זעהן העלפען אין אייער נויט.

און ער איז געגאַנגען מיט זיי און ער האָט זיך געלאָזט זאַלבען פון זיי צו זיין אַ הערשער איבער זייער לאַנד.

ווי נאָר אָבער דער ממונה האָט דערזעהן, ווי זיי כאַפּען די מענשען, וואָס זיי רופען אָן חיות און עופות און ווילען זיי מקריב זיין צו איהם, האָט ער זיי באַפוילען דאָס ניט צו טון. ניט איצט און ניט קיינמאָל.

זענען דערויף די מענשען פון דעם לאַנד פון עשירות געבלי־בען שטעהן און האָבען זיך געוואונדערט און האָבען געשטוינט... און ווען ער האָט מיט זיי שפּעטער גענומען רעדען, אַז געלט איז ניט דער עיקר תכלית פון דער וועלט, זענען זיי גאָר מבולבל געוואָרען — און זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס צו טון מיט זיך... וואָרים פאַר דער צייט האָבען די רייד פון דעם בעל תפילה גענומען ווי פון זיך אַליין קלינגען אין זייערע אויערען, און זיי אַליין האָבען ניט גע־וואוסט ווי אַזוי דאָס איז געשעהן...

אָבער געגען דעם בעל תפילה׳ס רייד האָבען זיי נאָך געקאָנט זאָגען אַז ער רעדט דערפאַר אַזוי קעגען רייכקייט, וואָרים ער אַליין איז געווים קיינמאָל רייך ניט געוועזן. און דערפאַר ווייסט ער גאָר ניט דעם אמת׳ען טעם פון רייכקייט. איצט אָבער האָבען זיי גע־זעהן און געהערט דעם גאָט איבער אַלע געטער צו זאָגען די אייגענע רייד. און ער ווייסט דאָך געווים דעם אמת׳ען טעם פון רייכקייט...

און דער ממונה האָט צו זיי ווייטער געזאָגט:

— זעהט, מיט דער רייכקייט וואָס איך האָב אין מיין רשות קאָן מען דאָך אייך אַלע אויסקויפען, אייך און אייער לאַנד און נאָך אַזוינע רייכע לייט און אַזוינע רייכע לענדער ווי אייערע. מען קאָן אָבער מיט מיין רייכקייט און מיט אייער אַלעמענס רייכקייט צו־זאַמענגענומען ניט אָפּקויפען די גבורה פון איין אמת׳ען גבור. — איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז דער עיקר תכלית פון דער וועלט איז ניט אין רייכקייט, נאָר אין עפּעס אַזוינס וואָס מען קאָן גאָר פאַר קיין געלד ניט קויפען...

האָבען זיי זיך אַלץ מעהר און מעהר גענומען שרעקען פאַר זיי־

נע רייד. העלפען אָבער האָבען זיי זיך ניט געקאָנט, ווייל אין גאַנ־צען זייער כח איז דאָך געווען אין זייער רייכקייט, און ער איז דאָך געווען פיעל מאָל מעהר רייכער פון זיי אַלע...

און אַז עס האָט זיך גענומען אויסלאָזען די צייט, וואָס דער גבור האָט זיי געגעבען, האָט זיי דער ממונה באַפוילען, אַז זיי זאָ־לען זיך ניט שרעקען, וואָרים ער וועט זיך ביי דעם גבור אָפּבעטען פאַר נאָך אַ שטיק צייט, און דערווייל זאָלען זיי זיך אַלע מאַכען גרייט, וואָרים ער וועט זיי אַלע נאָכדעם נעהמען מיט זיך און וועט זיי פיהרען צו דעם פּלאַץ, פון וואַנען עס קומט די אמת׳ע שטאַר־קייט אויף דער וועלט. דעמאָלט וועלען זיי אויך ווערען שטאַרק און וועלען קאָנען ביישטעהן קעגען דעם גבור.

איז דאָס זיי זעהר געפעלען געוואָרען, און זיי האָבען זיך גע־נומען גרייטען אין וועג.

און אַז דער ממונה איז געקומען צו דעם גבור, האָבען זיי זיך גלייך דערקאָנט און זיי האָבען גלייך געשיקט נאָך דעם בעל תפילה און עס איז ביי זיי געווען אַ זעהר גרויסע פרייד, וואָרים זיי האָבען דאָך גענומען נאָך מעהר גלויבען, אַז עס נעמט זיך צוריק אויפבויען דעם מלך׳ס הויז, אַז עס נעמט זיך צוריק אויפשטעלען דאָס לאַנד פון אַלע לענדער. נאָכדעם האָבען זיי גענומען רעדען וועגען די איינוואוינער פון דעם לאַנד פון עשירות, איבער וועלכע דער ממונה האָט איצט געקעניגט. האָט זיך דער גבור אָנגערופען און גע־זאָגט, אַז ער האָט אַ מאָל אַליין געהערט פון דעם מלך, אַז די תאוה פון געלט איז די שרעקליכסטע תאוה אין דער וועלט.

האָט זיך דער בעל תפילה אָנגערופען, אַז ער האָט אויך אַזוי געהערט.

האָט זיך דער ממונה אָנגערופען, אַז ער האָט אויך אַזוי גע־הערט, נאָר אַזוי ווי ער ווייסט, אַז אין די אוצרות פון דעם מלך האָט זיך אויפגעהאַלטען אַזאַ מין כלי, אין וועלכער עס איז געלעגען

באהאלטען א גרויסער ניגון, וואָס דער דאָזיגער ניגון קאָן אויסהיילען די מענשען פון די שרעקליכסטע תאוות. ווי נאָר אָבער דער אמת'ער בן מלך איז דערוויטערט געוואָרען פון דעם מלך'ס הויז, איז די כלי פארפאלען געוואָרען. דארפען מיר דעריבער איצט געהן זוכען די דאָזיגע כלי, און דער מלך האָט מיר נאָך געזאָגט, אז ווען די כלי וועט געפונען ווערען, וועט אויך אויסגעפונען ווערען, ווער עס איז דער אמת'ער בן מלך, וואָרים איהם איז דאָס געגעבען געוואָרען צו זיין דער שפּיעלער פון דעם גרויסען ניגון...

האָט דער גבור זיך גענומען פרעגען, ווי אזוי די דאָזיגע כלי האָט אויסגעזעהן און ער האָט אויסגעפונען, אז דאָס איז געווען די אייגענע כלי וואָס האָט איהם געהאָלפען ביי דעם פערלענעם שלאָס, וואָס אויף דעם גאָלדענעם בארג...

האָבען זיי זיך דאָך גוט איבערגעטראַכט און עס איז ביי זיי געבליבען, אז זיי זאָלען זיך לאָזען זוכען די דאָזיגע כלי. וואָרים זיי האָבען זיך געטראַכט אין זייערע הערצער, אז איצט איז די צייט פון זוכען און געפינען, איצט איז די צייט ווען עס נעמט זיך אויפ־בויען דאָס הויז פון דעם מלך, איצט איז די צייט ווען עס געהט אויפגעשטעלט ווערען דאָס לאַנד פון אלע לענדער.

און דער בעל תפילה און דער גבור האָבען זיך פארשטעלט כדי די לייט פון דעם לאַנד פון עשירות זאָלען זיי ניט דערקענען און זיי האָבען זיך אַנגעשלאָסען אין דעם ממונה'ס מחנות, כדי זיי זאָלען אינאיינעם קאָנען זוכען און געפינען.

זענען זיי לאַנג געגאַנגען ביז זיי זענען געקומען צו א לאַנד, אין וועלכען עס איז געווען א גרויסע פרייד. האָבען זיי געפרעגט ביי די איינוואוינער פון דעם לאַנד:

— וואָס איז דאָס פאר א פרייד ביי אייך?

האָבען זיי די איינוואוינער געענטפערט און געזאָגט:

אז די איינוואוינער פון דעם דאָזיגען לאַנד באלאַנגען צו דער

כתה, וואָס האָט זיך נאָכ'ן גרויסען וועלט־שטורעם גענומען האַל־טען מיט דער דעה, אַז חכמה איז דער אמת'ער תכלית פון דער וועלט, און זיי האָבען פאַר זיך דעמאָלט אויסגעקליבען אַ גרויסען חכם פאַר אַ מלך. איצט אָבער האָט זיך מיט אַ מאָל אין אונזער לאַנד באַוויזען אַזאַ גרויסער חכם, וואָס זינט די וועלט שטעהט איז נאָך גאָר אַזאַ חכם ניט געווען. און ער האָט אונז דערוויזען מיט גרויס קלונשאַפט, אַז די גאַנצע וועלט איז אַ מעשה, און אַז מיר אַלע ווערען געבוירען צוליעב דער מעשה פון דער וועלט און אַז קיינער פון אונז ווערט ניט פאַרלוירען, וואָרים מיר געהען איבער אין דער מעשה פון דער וועלט אויף שטענדיג און אייביג. און ער האָט אונז דערוויזען, ווי גרויס און שעהן עס איז די מעשה פון דער וועלט און מיט ווי פיעל שענער זי קאָן נאָך ווערען, ווען מענשען וועלען זי ריכטיג פאַרשטעהן. און אַזוי קלוג זענען די רייד פון דעם חכם, אַז אונזער פריהערדיגער מלך האָט איהם אַליין איבער־געגעבען דאָס קעניגרייך. און מיר האָבען איהם איצט געקרוינט פאַר אַ מלך איבער אונז, און איבער דעם איז דאָס איצט אונזער פרייד אַזוי גרויס.

און ווי נאָר זיי האָבען דערהערט די דאָזיגע רייד, אַזוי האָט זיך דער בעל תפילה גלייך אָנגערופען:

דאָס מוז אודאי זיין דער חכם פון אונזער מלך!

און אַזוי איז טאַקע געווען.

און אַז זיי האָבען זיך דערזעהן און האָבען זיך דערקאָנט, איז די שמחה געוואָרען נאָך גרעסער.

נאָך דער שמחה האָט דער חכם ביי זיי געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פאָלק, וואָס איהר פיהרט מיט זיך?

האָבען זיי איהם געענטפערט, אַז דאָס זענען די לייט פון דעם לאַנד פון עשירות, און זיי האָבען איהם דערצעהלט אויף ווי ווייט יענע זענען שוין פאַרקראָכען אין זייער תאוה.

און אַז דער חכם האָט דאָס דערהערט, האָט זיך זיין פּנים זעהר פאַרוואָלקענט און ער האָט זיך אָנגערופען און האָט געזאָגט, אַז אויך ער האָט געהערט פון דעם מלך, אַז די תאוה פון געלט איז די ערגסטע און שרעקליכסטע אין דער וועלט. און אַז די איינציגע זאַך וואָס קאָן זיי אויסהיילען פון דער תאוה, איז דער גרויסער ניגון וואָס ליגט אין דער פאַרפאַלענער כלי, וואָס וועט זיך ערשט אויפ־זוכען אינאיינעם מיט'ן אמת'ן בן מלך.

און דער חכם האָט זיך אויך אָנגעשלאָסען אין זיי, און איז מיט זיי געגאַנגען, וואָרים אויך ער האָט גענומען גלויבען, אַז איצט איז די צייט פון זוכען און געפינען.

זענען זיי אַזוי אינאיינעם געגאַנגען און זיי זענען אָנגעקומען אין אַ ניט באַקאַנטען לאַנד. און זיי האָבען געזעהן, אַז די מענשען פרעהען זיך. האָבען זיי געפרעגט ביי די מענשען, וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנד? און וואָס איז דאָס פאַר אַ פרייד?

האָט מען זיי געענטפערט און געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס לאַנד פון די, וואָס האָבען נאָכ'ן גרויסען שטורעם זיך אָפּגעשיידט פון אַנדערע מענשען, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז דער עיקר תכלית פון דער וועלט איז דאָס ריידען, וואָרים דאָס שיידט דאָך אָפּ דעם מענשען פון דער חיה, דאַריבער האָבען זיי זיך אויסגעקליבען פאַר אַ מלך איינעם, וואָס האָט געקאָנט אַ סך לשונות און האָט ליעב געהאַט אַ סך ריידען. איצט אָבער האָבען זיי אויפגעזוכט איינעם וואָס רעדט אַזוי, אַז ס'קאָן גאָר צו איהם קיין גלייכען ניט זיין און זיין יעדעס וואָרט איז ווי וויין. האָבען זיי איהם געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיך. און דאָס איז זייער שמחה.

האָט זיך דער בעל תפילה אָנגערופען, אַז דאָס קעהר אודאי זיין דער מליץ פון דעם מלך.

און אַזוי איז עס טאַקע געוועזן. און זיי האָבען זיך דערקאָנט און זיי האָבען זיך געפרעהט. און דער מליץ האָט זיי דערצעהלט,

ווי אַזוי ער לאָזט נאָך די איינוואוינער פון דעם לאַנד צו געהן אין זייערע נאַרעשע וועגען און ווי אַזוי ער פיהרט זיי פּאַרט ביסלעכווייז אַרויף אויף דעם אמת'ען וועג. און ער האָט זיי אויך דערצעהלט, ווי אַזוי ער איז די גאַנצע צייט פון דעם גרויסען שטורעם געווען לעבען מלך'ס נאָמן, און האָט איהם געזוכט צו טרייסטען, כאָטש יענער האָט זיך גאָר טרייסטען ניט געלאָזט.

נאָכדעם איז ביי זיי געבליבען, אַז אויך דער מליץ מיט זיין פאָלק זאָל מיט זיי מיטגעהן, ווייל וואָס ווייטער איז ביי דעם בעל תפילה אַלץ שטאַרקער געוואָרען דער גלויבען, אַז זיי גע־העגן איצט אַלע אויף צום מלך, צו דעם לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אַלע לענדער. און אַלע אַנדערע האָבען זעהר שטאַרק געגלויבט אין דעם בעל תפילה און אין זיין גלויבען.

און ווי זיי זענען אַזוי ווייטער געגאַנגען, זענען זיי אָנגעקומען צו דער כתה וואָס האָט געגלויבט, אַז שכור'ען און פרעהליך זיין איז דער עיקר תכלית פון דער וועלט. און אַ מאָל איז ביי זיי רעכט געווען אויפצונעמען אַ שכור'ען גוי פאַר אַ מלך. איצט אָבער איז צו זיי אָנגעקומען אַ זעהר גרויסער מענש און דער מענש איז גע־גאַנגען אין מיטען פון אַ ים מיט וויין. ער איז געגאַנגען און דער גאַנצער ים מיט וויין איז איהם נאָכגעגאַנגען. האָבען זיי זיך גע־טראַכט, אַז קיין גרעסערער שיכור פון איהם קאָן שוין אודאי גאָר ניט געמאָלט זיין. האָבען זיי דעריבער אָראָפּגעוואָרפען זייער פריי־הערדיגען מלך און האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ מלך איבער זיך.

אָבער דער גרויסער מענש, וואָס איז געגאַנגען אין מיטען פון אַ ים מיט וויין, איז ניט געווען קיין שכור, נאָר דאָס איז געווען דעם מלך'ס אוהב נאמן, און דער וויין אַרום איהם, דאָס זענען געווען די טרייסט ווערטער פון דעם מלך'ס מליץ, וואָס האָבען אַרום איהם געשטראָמט און האָבען איהם געקרעפטיגט. און ווי נאָר די מענשען האָבען גענומען דערצעהלען, אַז ער לערענט מיט זיי, אַז וויין איז

אודאי גוט, וואָרים וויין דערפרעהט דעם מענשענ׳ס הארץ, און ווען דעם מענשענ׳ס הארץ איז פרעהלאך קאָן עס זיך גרינג דער־הויבען צו אמת׳ער ליעבע, וואָרים דער עיקר פון פרייד איז דאָס וואָס דער מענש האָט דעמאָלט א סך ליעבע פאר זיך און פאר אנ־דערערע, אָבער פרייד קאָן א מענש געפינען ניט נאָר אין וויין נאָר אויך אין אנדערע זאכען, וואָרים א מאָל קאָנען אפילו רייד זיין אזוי גוט און שטארק ווי וויין... — אזוי האָט דער בעל תפילה גלייך פארשטאנען ווער זייער איצטיגער מלך איז. און זיי האָבען זיך באנעגענט און זיי האָבען זיך דערקאָנט און עס איז געווען א גרויסע פרייד.

נאָכדעם זענען זיי ווייטער געגאנגען און זיי זענען אָנגעקומען צו דער כתה וואָס גלויבט, אז א שעהנע פרוי ברייננגט צום תכלית פון דער וועלט. און ביז איצט האָבען זיי געהאט א זונה פאר א מלכה. און די זונה איז טאקע געווען זעהר א שעהנע. איצט אָבער האָבען זיי אויפגעזוכט אזא שעהנע פרוי, וואָס צו איהר קאָן גאָר קיין גלייכען ניט געמאָלט זיין. וואָרים זי זעהט אויס ווי איינע וואָס איז לכתחילה געבוירען געוואָרען צו זיין א מלכה. זי טראָגט מיט זיך דאָס ליכט פון דער זון, דעם חן פון דער לבנה און דעם צויבער פון פארשטערנטע הימלען... און זיי האָבען זי געפונען זיך באָדענדיג אין א טייך פון מילך... און זי לערנט זיי, אז אודאי זענען זיי גערעכט, אודאי איז שעהנקייט דער תכלית פון דער וועלט, אָבער שעהנקייט דארף ניט זיין זינדיג און טאָר ניט ברייננגען צו זינד.

און דער בעל תפילה האָט פארשטאנען, אז דאָס איז געוויס די מלכה.

און אזוי איז דאָס טאקע געווען.

און זיי האָבען זיך באנעגענט און זיי האָבען זיך געפרעהט אָהן א שיעור.

נאָכדעם האָבען זיי זיך צונויפגענומען אַלע אינאיינעם און זיי זענען ווייטער געגאַנגען זוכען. זענען זיי אַזוי געגאַנגען, ביז זיי זענען געקומען צו אַ לאַנד, ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז אַלע מענ־שען פון דעם לאַנד האַלטען זיך אין איין וואַשען און רייניגען. האָ־בען זיי געפרעגט ביי די מענשען פון דעם לאַנד:

ווער זענט איהר, און וואָס איז די סיבה פון דעם, וואָס איהר וואַשט זיך איצט און רייניגט זיך אַזוי שטאַרק?

האָבען יענע זיי געענטפערט, אַז זיי באַלאַנגען צו דער כתה, וואָס האָט נאָכ'ן גרויסען וועלט שטורעם זיך אָפּגעטהיילט פון אַלע אַנדערע מענשען איבער דעם, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז דער עיקר תכלית פון דער וועלט איז פאַרניכטונג. און זיי האָבען זיך דערפאַר גענומען פאַר אַ מלך איינעם, וואָס איז געווען אַ גרויסער רוצח. איצט אָבער האָבען זיי געפונען אַ יונג־פרוי, וואָס איז געזע־סען אין אַ ים פון בלוט, האָבען זיי זיך געטראַכט, אַז קיין גרעסערער רוצח פון איהר קאָן דאָך שוין גאָר ניט געמאָלט זיין, האָבען מיר דער'הרג'עט אונזער מלך און מיר האָבען זיך געווענדט צו איהר, אַז זי זאָל קומען און הערשען און געוועלטיגען איבער אונז. האָט זי אונז געפרעגט ווער מיר זענען. האָבען מיר איהר געזאָגט. האָט זי אונז באַטראַכט און נאָכדעם האָט זי זיך אַ הויב געטון איבערן בלוטיגען ים און האָט צו אונז גענומען ריידען און האָט אַזוי גע־זאָגט:

— זעהט, איך זיץ אין אַ ים פון בלוט און דאָך בין איך ווייס ווי שניי!...

און מיר האָבען דערזעהן איהר ליכטיגע שעהנקייט און איהר ווייסקייט, און מיר האָבען אונזערע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, וואָרים אַזאַ שענקייט און אַזאַ ווייסקייט האָט גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געזעהן. און נאָכדעם האָט זי צו אונז ווייטער געזאָגט:

— זעהט, איהר האָט מיך געפונען אין א ים פון בלוט. אָבער איך גלויב ניט אין פארניכטונג, וואָרים איך וויים, אז מענשען זע־נען ניט געבוירען געוואָרען אויף דער וועלט צוליעב פארניכטונג, נאָר צוליעב אייביגען לעבען. דעריבער זעהט, איהר זענט די גע־פעהרליכסטע כתה אין דערר וועלט. און איך זאָג אייך: — ווארפט אוועק אייער נעוועהר פון פארדארבונג און וואשט אייערע הענט פון בלוט און רייניגט זיך פון אייערע שלעכטע ווערק. ווען ניט הוי איך אויף אָט דעם גאַנצען בלוטיגען ים מיינעם און גיס איהם או־אויף אייערע קעפּ!

און דערביי האָט זיך דער בלוטיגער ים אויפגעהויבען אין דער הויך, און זי, די גרויסע הימלישע טאָכטער, האָט גענומען ארומ־נעהן איבער זיינע כוואליעס. און איהר קלאָהרע ווייסקייט און איהר ליכטיגע שענקייט האָבען גענומען שיינען אזוי, אז מיר זענען אַלע ווי איינער געפאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד און האָבען זיך געבוקט. און איצט פאָלגען מיר אוים איהר באפעהל און מיר וואַ־שען זיך און רייניגען זיך.

און אז דער בעל תפילה האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויס־נערופען, אז דאָס איז דעם מלך'ס טאָכטער, דאָס איז די טאָכטער פון אונזער מלך!

און אזוי איז דאָס טאקע געוועןָ. און זיי האָבען זיך דערקאָנט און זיי האָבען זיך געפרעהט אָהן א שיער.

נאָכדעם זענען זיי אַלע אינאיינעם וויטער נעגאַנגען, און זיי זענען אָנגעקומען צו א כתה, וואָס האָט נעגלייבט ,אז שפּיעלען און זינגען איז דער עיקר תכלית פון דער וועלט. און די מענשען האָ־בען זיי דערצעהלט, אז ביז איצט האָבען זיי געהאַט איבער זיך פאַר מלך איינעם, וואָס האָט געקענט שפּיעלען און זינגען בעסער פון זיי אַלע, איצט אָבער האָבען זיי אויפגעזוכט איינעם וואָס האָט אזא כלי אויף וועלכער ער שפּיעלט אויף אזא ליעד, וואָס פּילט אָן זייער

לאַנד מיט געזאַנג, פון איין עק ביז׳ן אַנדערען. און וויפיעל מאָל מען זאָל דאָס ליעד ניט הערען, אַלץ נייע סודות אַנטפּלעקט מען אין דעם, אַלץ מעהר דערזעהט מען, אַז עס איז גאָר קיין גרענעץ און קיין ברעג צו דער גרויסקייט פון דעם ליעד ניט פאַראַנען, אַלץ מעהר לערענט דאָס דעם מענשען צו זיין גרויס און גוט און שטאַרק.

האָבען אַלע וואָס האָבען געהערט די דאָזיגע רייד זיך זעהר שטאַרק פאַרוואונדערט, און זיי האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו זעהן דעם דאָזיגען גרויסען מלך. און ווי נאָר מען האָט זיי אריינגעפיהרט צו איהם, אַזוי האָבען זיי זיך גלייך דער־קאָנט, וואָרים דאָס איז געווען דער אמת׳ער בן מלך. און דער ממונה האָט גלייך דערקאָנט די פאַרפאַלענע כלי און זייער שמחה איז אודאי געוואָרען זעהר גרויס. און נאָכדעם האָבען זיי זיך אַלע דערצעהלט וואָס מיט זיי האָט געטראָפען און דער אמת׳ער בן מלך האָט זיי דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט זיך געטראָפען מיט׳ן פאַלשען בן מלך, און ווי אַזוי ער האָט געקראָגען די דאָזיגע כלי, וואָס זינגט אויס דאָס ליעד וואָס אַלע חיות און פויגלען האָבען געמאַכט לכבוד דעם נייעם קלייד, וואָס די לבנה האָט געקראָגען פון דער זון, וואָס האָט זי ליעב. און ווי אַזוי דער פאַלשער בן מלך איז דערביי אנט־לאָפען ווי אַ גנב, וואָרים אַלץ וואָס איז פאַלש קאָן קיין תקומה ניט האָבען ווען ער זינגט אויף דאָס דאָזיגע ליעד. האָט זיך דער בעל תפילה אָנגערופען און האָט געזאָגט צו דעם בן מלך:

— זיי וויסען אַז איך בין געוואָרען דער מלך פון די איינ־וואוינער פון דעם לאַנד פון עשירות און זייער תאוה איז דאָך די שרעקליכסטע תאוה אין דער וועלט, און פון דיין פאָטער, אונזער גרויסען און ליכטיגען מלך, האָב איך געהערט, אַז נאָר דער ניגון פון דעם דאָזיגען ליעד קאָן זיי אויסהיילען פון זייער שרעקליכער תאוה.

האָט דער בן מלך גענומען די וואונדערבאַרע כלי אין זיינע

הענט. און ווי נאָר ער האָט דאָס געטון, אַזוי האָט זיך גלייך דערהערט דאָס גרויסע געזאַנג, וואָס איז פול מיט רייכקייט און אמת׳ער לייטערונג. און ווי נאָר די כוואַליעס פון דעם געזאַנג האָבן דערגרייכט דאָס אָרט, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטען די מחנות פון דעם לאַנד פון עשירות, האָבן אַלע פון די דאָזיגע מחנות דערפיהלט אַ זעהר שרעקליכען געשטאַנק פון צווישען זיך און זיי האָבן ניט געוואוסט וואוהין זיך אַהינצוטון פאַר שאַנד. האָבן זיי גענומען שרייען צו זייער מלך, דעם ממונה. איז ער צו זיי געקומען מיט דעם בעל תפילה און מיט דעם גבור, און זיי האָבן זיך אין דרייען אַריינגעוואָרפען צווישען די מחנות און האָבן צו זיי גענומען רופען און שרייען:

— טוט פון זיך אָפּ דאָס גאָלד און זילבער און נאָר דאָס געלט, וואָס איהר האָט מיט זיך. וואָרים אַנטקעגען די טענער פון דעם אמת־גרויסען ליעד, ווערט איהר פון אייער גאָלד און זילבער ניט רייך, נאָר אָרעם, אומווירדיג און שטינקענדיג!

האָבן זיי זיך זעהר שטאַרק פאַרשעמט און האָבן פון זיך אין איילעניש אָפּגעטון דאָס גאָלד און זילבער און זיי האָבן זיך נאָר געוואָלט באַגראָבען אין דער ערד פאַר שאַנד. אָבער די טע־נער פון דעם ליעד זענען אַלץ נעהנטער און גרעסער געקומען צו זיי און האָט זיי געוואַשען און גערייניגט ביז זיי זענען געוואָרען ריין, ביז זיי האָבן אין זיך גענומען פיהלען אַ גאַנץ אַנדער רייכ־קייט, אַ רייכקייט, וואָס איז געווען פיעל גרעסער און שענער פון זייער פריהערדיגער רייכקייט פון גאָלד, אַ רייכקייט וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון זייערע ליכטיגע אויגען, אַ רייכקייט. וואָס מען קאָן פאַר קיין געלט ניט קויפען.

נאָכדעם האָבן זיך אַלע כיתות מיט זייערע נייע מלכים צו־נויפגענומען. און אַזוי ווי די טייכען ציהען זיך צום ים, אַזוי האָ־בען זיי זיך אַלע גענומען ציהען איבער דער וועלט צו זוכען דעם

גרויסען און ליכטיגען מלך, דעם מלך וואָס איז דער הערשער אי־בער זייערע איצטיגע מלכים.

לאנג זענען זיי אזוי געגאנגען, ביז איינמאָל האָבען זיי אָנ־געטראָפען די כתה, וואָס האָט געגלויבט, אז כבוד איז דער עיקר תכלית פון דער וועלט. האָבען זיי געפרעגט ביי די היטער פון דעם לאנד :

— ווער איז אייער מלך ?

האָבען זיי יענע דערצעהלט, אז אזוי ווי זיי גלויבען אין כבוד, האָבען זיי ביז איצט איבער זיך געהאַט א מלך, איינעם אן אלטען ציגיינער, וואָס האָט זעהר שטארק מקפיד געווען אויף זיין כבוד. איצט אָבער האָט געטראָפען, אז איינמאָל האָבען זיי ביי דעם אויפ־גאנג פון דער זון דערזעהן אין מיטען פעלד א זעהר גרויסען און ווירדינגען גרייז מיט א גאָלדענער קרוין אויף זיין קאָפּ. און ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען. האָבען זיי איהם ווידער דערזעהן זיצען אין מיטען פעלד מיט דער קרוין אויפ'ן קאָפּ. איז דער דאָזיגער גרויסער גרייז זיי זעהר געפעלען געוואָרען. וואָרים זיי האָבען דאָך דאָ גלייך דערזעהן, אז דער גרויסער גרייז מוז זיין דער אמת'ער בעל כבוד, וואָרים ער טראָגט זיין רייכע און פינקעלדיגע קרוין אויפ'ן קאָפּ, אפילו זיצענדיג אין מיטען פעלד. זענען זיי געגאנגען און האָבען איהם געמאַכט פאר א מלך איבער זיך, און ער איז איצט זייער מלך.

און ווי נאָר דער בעל תפילה האָט דאָס דערהערט, אזוי האָט ער מיט א מאָל אין זיך דערפיהלט די אנטפלעקונג פון זיינע אמאָ־ליגע גרויסע כוחות, און ער האָט זיך מיט א מאָל א קעהר געטון צו אלע מחנות און האָט אויסגעשריען : ד ע ר  מ ל ך !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער אויסגעשריי איז געפאַלען ווי א בליץ און ווי א דונער צווישען די מחנות און האָט געמאַכט ציטערען יונג און אַלט. און

גלייך דערויף האָבען זיך פאַר זיי צועפענט די טויערען פון דעם לאַנד פון כבוד און דער מלך האָט זיך באוויזען.

די ליכטיגקייט פון דעם מלך איז געווען אזא, אז קיינער האָט ניט געקאָנט איינשטעהן און אלע זענען געפאלען אויף זייערע פנימ'ער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי די לעצטע ווערטער איז דער בעטלער געבליבען שטיל.

דער יונגער מלך האָט אויפגעציטערט... ער האָט דערפיהלט, אז דער בעטלער איז דאָס מאָל ניט פארשוואונדען... ער האָט מיט שרעק אויפגעהויבען זיין קאָפּ און זעה! — דאָס איז גאָר ניט דער בעטלער, נאָר זיין פאָטער, דער אלטער מלך!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער יונגער מלך איז אויפגעשפרונגען אויף זיינע פיס און מיט פארצווייפלונג גענומען שרייען:

— פאָטער, פאָטער!...

אָבער זעה! — דאָס איז שוין גאָר ניט זיין פאָטער, נאָר דער אמת'ער מלך!! דער ליכטיגער מלך, דער מלך פון דעם לאַנד, וואָס איז אין זיך כולל אלע לענדער. און זיין ליכטיגקייט איז אזא, אז מען קאָן אין דעם ניט איינשטעהן...

און דער יונגער מלך האָט זיך גענומען לויפען פון דעם ליכט פון דעם גרויסען מלך און האָט זיך ווי א גנב גענומען באהאלטען אין די שאָטענס פון דעם נאקעטען וואלד.

דעם מלך'ס ליכטיגקייט האָט איהם אָבער, אינאיינעם מיט דעם מלך'ס דונערענדען קול, נאָכגעיאָגט איבער דעם גרויסען סוף־יאָהרי־גען וואלד. דאָס ליכט האָט געשמיסען ווי מיט פייערדיגע ריטער און דאָס קול האָט געשאלט:

— איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געשיקט איבערצונעמען מיין טראָן!

איך בין ג ע ו ו ע ן דער מלך! איך ב י ן דער מלך! און איך ו ו ע ל בלייבען דער מלך ביז אייביג! און קיינער קומט ניט נאָך מיר!

דאָס קעניגרייך איז צו מיר, און עס איז מיינס, און קיינער קאָן ניט פאַרנעמען מיין אָרט!

איך בין אין איטליכען און איטליכער איז אין מיר, און קיי־נער קאָן ניט אנטרינען פון מיין האַנט!

איך בין אין דעם געוויין פון א קינד און אין דעם רעווען פון א לייב; און פלאַנצסטו א גאָרטען בין איך אין גאָרטען, און באַ־ארבייטסטו דיין פעלד בין איך אין פעלד, און צינדסטו א פייער בין איך אין פייער!

איך בין מיט דער בהמה, מיט דער פליג און מיט דעם וואָרעם. איך בין מיט אַלץ וואָס מעהר און ווידמעט זיך אויף דער ערד!

איך בין דער דונער און דער בליץ. איך בין די ערד און דער הימעל. און וואָלט וואו געוועזן דער הימלישער גאָט צו וועלכען דו און דיינע קלוגע לייט האָבען זיך דערטראַכט, וואָלט איך איהם געקאָנט נעהמען און ווארפען ווי א פגר צו דיינע פיס!

איך בין מיט אַלץ וואָס איז דאָ, וואָס וועט זיין, און מיט אַלץ וואָס וועט קומען אין דורות ארום!

מיין לאַנד איז דאָס לאַנד פאַר אַלע לענדער, מיין שטאָט איז די שטאָט פאַר אַלע שטעט. מיין הויז — דאָס הויז פאַר אַלע הייזער. מיין מענש — דער מענש פאַר אַלע מענשען. מיין אָטעם— דער אָטעם פאַר אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט אין דער וועלט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער יונגער מלך איז אַלץ געלאָפען און האָט זיך געראַנ־גלט מיט דעם ליכט און מיט דעם קול פון דעם גרויסען מלך, ווי א ווילדע חיה מיט איהר יונגער, ב י איז געפאַלען און האָט זיך גענומען מיט די נעגעל די ערד רייסען און האָט זיך גענומען וואַר־

פען ווי אַ פיש אין זיין נעץ, ביז ער איז דערשלאָגען געוואָרען ווי אַ הונט, ביז ער איז פאַרברענט געוואָרען אויף קויל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָכדעם, איז דער ליכטיגער מלך צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו עס איז געלעגען האָס אַש פון דעם יונגען מלך, וואָס האָט זיך אַזוי פיעל געמוטשעט, וואָס האָט אַזוי פיעל געליטען פאַר זיין איינגעלשער נייציגקייט.

און דער ליכטיגער מלך האָט דערפאַר אָנגעריהרט די נאַקעטע בוימער וואָס אַרום דעם אַש, און די בוימער האָבען זיך פאַנאַנדערגעבליהט... און זייערע בליהטען האָבען גענומען פאַלען אויפ'ן אַש און האָבען דאָס איינגעדעקט.

נאָכדעם האָט דער ליכטיגער מלך אָנגעריהרט די בליהטען וואָס אויף דעם אַש, זענען זיך די בליהטען פאַנאַנדער געפאַלען און פון דעם אַש אַרויס האָט זיך אויפגעהויבען דער יונגער מלך. און אַ יונגער, אַ שענער און אַ ליכטיגער האָט ער זיך דערזעהן נעבען גרויסען ליכטיגען מלך און ער איז מיט איהם געבליבען שטעהן אונטער די צובליהטע בוימער, ווי אונטער אַ חופה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען דער יונגער מלך איז נאָכדעם אַ ניי־געבוירענער אַרויס פון וואַלד, האָבען איהם ווידער באַגעגענט זיינע חכמים, וואָס האָבען די לעצטע צייט געפאָרשט זיינע טריט.

און זיי האָבען איהם באַגריסט. נאָר ער האָט זיי ניט געענטפערט מיט ווערטער...

און זיי האָבען דערזעהן, אַז ער שיינט פונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט צו זיי ביי דעם שיין פון דער אונטערגעהענדער זון אויסגערופען:

פאַרנעהמט אויב איהר קאָנט נאָך הערען און פאַרשטעהן און ווייסט: — ווי מיר נוצען האָלץ כדי אַ פייער צו דערהאַלטען, אַזוי

נוצען מיר אונזער לעבען כדי צו דערהאַלטען דאָס ליכט פון דער וועלט! דאָס ליכט פון דער וועלט, איז די מעשה פון דער וועלט!...

אָבער זיי האָבען שוין ניט געקאָנט פאַרנעהמען, זיי האָבען שוין ניט געקאָנט הערען.

און ווען זיי האָבען דערזעהן ווי זייער מלך דער חכם און לעהרער האָט זיך פאַר זייערע אויגען אויפגעהויבען אַ ליכטיגער און איז אַוועק אין דער לופט, האָבען זיי פאַרשטאַנען אַז זיי זעהען אַ גרויסען וואונדער. און זיי זענען געקומען און האָבען דערצעהלט דעם פאָלק פון דעם, וואָס זייערע אויגען האָבען געזעהן. אָבער זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס זיי האָבען געזעהן און דאָס וואָס זיי האָבען דערצעהלט איז געוועזן ליגען...

